L. KURLAND
A KEML BEIM KINERET

A CAMEL ON THE SHORES
OF KINERET

Short and Very Short Stories

ל. קורלאַנד

**גמל על שפת הכינרת**

**סיפורים ומיניאטורות**

הוצאת **"נוגה"**, חיפה

הילע און קאפיטל־נעמען
פון משה כגן (קיבוץ שמיר)

*Printed in Israel 1982*
נדפס בישראל תשמ"ב — 1982

דפוס 'נוגה', רח' אלנבי 26, חיפה — טל. 511107, 524764
'NOGA' Printing Press & Publishing House
26, Allenby St., Haifa, ISRAEL

בתוהו דממה השוררת
תמיד קריאָתי תרחף:
כנרת, כנרת, כנרת,
אמצי את הבן העיף.

כנרת, כנרת: **אלכסנדר פּן**

**דאָס בוך גייט אַרויס מיט דער
הילף פון חברת חמי טבריה, טבריה**

# א קעמלביים כינרת

ליבהאַרציק פֿאַר שמואל איזבאַן, דעם געבענטשטן
דערציילער — און אַ מתנה פֿאַר זיין פּלאַי־פּלאַימדיקן
"וואָלפּיש אין יפו".

וואָס טוט אַ קעמל ביים כינרת?

אַט איז ער אונטן, נעבן דער איינזאַמער פּאַלמע ביים ברעג, קעגן איבער מיין טעראַסע. ער רייבט זיין פעל אינעם פּאַלמעשטאַם. ער דרייט זיך אַרום אים, שטעלט אונטער איין זייט בויך, די צווייטע, דעם הינטן, דעם פּאַרבויגענעם האַלדז, דעם האָרב. ער רייניקט די פעל פון די מידבר־רעשטלער, פון קויט, אומפּלייט, שפּיציקע זאַמדלער, וואָס בייסן, רייצן און שטעכן די הויט. דערנאָך ציט ער אויס זיין פּאַרריסענעם קאָפּ און רייסט אַראָפּ פון די שופּנדיקע עקן פון די קוים־אויסגעפּיקטע שטאַמצווייגן אַרום דער קאָרע, שטיקער קאָלטנצוויטן, פּאַרזאַמדיקטע האָר און שווייסקנוילן, ווי ער וואָלט נישט וועלן, אַז אויפן פּאַלמעבוים ביים כינרת זאָלן בלייבן מידבר־נאָכשלעפּעניש.

דערנאָך שטרעקט ער אויס אַרויף צו דעם אַראָפּשווערנדיקן קאָפּ, וויל דערגרייכן די גרינע שפּיצן פון אַראָפּהענגענדיקן פּאַלמעשירעם. ער דערגרייכט זיי מיטן שפּיצונג, אָבער נישט מיט די צעעפנטע ליפּנלעפל און נישט מיט די לעכצנדיקע פּאָדערציין. באַפרידיקט ער זיך מיטן קיצלדיקן באַריר פון די גרינע נאָדלשטעכערס אינעם עק פון דער צונג, און לאָזט הערן אַ געמיש פון אַ הייזעריקן געלעכטער און יאָוש־זיפץ. ער ציט איין און ציט אויס זיין שאָקלקאָפּ, צעשפּרייט

די ליפּן, ווייזט אַ צעשוימט מויל מיט אָנגעפּווילטע ציינקרוינען, און אַ צעציטערטע צונג צעברעקלט די קעמל־קולות אין צעגאָרגלטע שפּליטערס פון ווידערטעגער אויפן ווינט. די איבערגעוואַרעמטע לופט פון דער ערב מיטאָגזון כאַפּט זיי אויף און פאַרטראָגט אַ טייל, אויף די שטראַלן־שנירלעך, ווי מעטאַל־סטרונעס, צום אָפּהאַנג, וואָס דראַפּעט זיך צו די קרני־חיטין און העט ביזן הר־תבור אַרויף, און אַ טייל נידערט צו די כוואַליעס, וואָס שלעפּן זיי מיט אויף זייערע מידע רוקנס.

פון וואַנען נעמט זיך ביים כינרת אַ קעמל ?

אַ לייכטער אונטווינט העלפט אונטער די כוואַליעס אין זייער לעצטן אָנשטרענג אָוועקצושיפּן רעשטלעך בין־השמשות צום ירדן, איבערצונעכטיקן אין זיין טאָל. אויטאָס פאָרן גיך, פירן מענטשן אַהיים, קיין צפת, קיין מטולה, צום גולן. זיי איילן זיך ווי אין וועטגעלויף מיט די ערשטע נאַכט־שאָטנס, וואָס וואַלגערן זיך אונטער די רעדער.

דער קעמל שטייט אונטן מיטן פּנים צום שאַרפן אָפּהאַנג, זיינע קינהעלפטן ברייט צעעפנט און משונהדיקע קולות רייסן זיך פון זיין צעגאָווערטער קעל, ווי ער וואָלט געהאַט טענות, ווי ער וואָלט עמעצן גערופן. אפשר איז עס אַן אָפּגערעדטער סימן, אַן אַרויסרוף צו עמעצן, וואָס האָט אים געלאָזן אויף הפקר, אין אַ פרעמדער סביבה. אפשר איז עס אַ מאָנענ־דיקער רוף צו עמעצן, וואָס דאַרף קומען און קומט נישט, וואָס קומט נישט צוריק, וואָס איז פאַרשווונדן דאָרט אויבן, אויף יענער זייט אָפּהאַנג, וואַהין עס דערגייט נישט דאָס אויג ?

דאָרטן, וווּ עס פאַרבייגט זיך דער ראַנד פונעם אָפּהאַנג און איידער עס הייבט זיך, אויף יענער זייט, אַ צווייטער באַרג,

געפינט זיך דער בעדויִנער־לאַגער. עטלעכע ביידלעך מיט בלעכענע ווענטלעך און דעכער פון שוואַרצע ציגנפעלן פאַר פי און עופות; און עטלעכע געצעלטן פון ברוינהאַריקע שעפּסנפעלן צווישן שיטער־צעשטעלטע האַלצשטאַנגען. דאָ וווינען די בעדויִנער פון אַן אָפּגעשפּאַלטענעם ערבה־שבט. און דאָ וווינט פאַטימאַ די שיינע, וואָס איז צוגעזאָגט אחמדן, דעם קעמל־טרייבער פון ברודער־לאַגער אין דער ערבה.

דערווייל אַרבעט פאַטימאַ די שיינע ביי די אוכמאַניס. זי וואַשט וועש, רייניקט די שויבן, קלאַפּט אויס די טעפּעכער פון זייער רחבותדיקער ווילע און גייט מיט דער אַלטער האַרינטע איינקויפן, טראָגט נאָך די פּעקלעך.

זי איז די לעצטע טעג געווען היימלעך, פריילעכער ווי תמיד, געטראָגן איר געבלימלט פרייטיק־קליידל מיט לאַנגע אַרבל און אַן דעקאָלט, באַצירט מיט בייטשלעך קרעלן און מושלבראָשן. אירע לאַנגע פעכהאָר זענען געווען פאַרפלאָכטן און קונציק פאַרקוילעטשט מיט אַ שפּיץ, פון וועלכן עס זענען אַראָפּגעהאָנגען קאָלירטע בענדער, אויסגענייט מיט פינקלדיקע שימערבלעכלעך. פון אירע אויערן האָבן אַראָפּ־געשווערט פון יעדער זייט עטלעכע מעשענע רינגען, אַ רינג אין אַ רינג, וואָס האָבן לייכט צוגעקלונגען בעתן לויפן און גיכן באַוועגן זיך ביי דער אַרבעט. זי האָט די לעצטע טעג געאַרבעט גיכער, אומגעדולדיקער, און כסדר געשטאַנען אויף דער ריזיקער טעראַסע פון די אוכמאַניס, און עמעצן אויס־געקוקט, אויף עמעצן געוואַרט.

און היינט איז זי נישט געקומען צו דער אַרבעט. גברת אוכמאַני האָט היינט אַליין געלופטערט די שטובן, אונטער־געגאָסן די בלומען־קאַסטנס אויף דער טעראַסע און געיאָגט זיך נאָך מיקן און פליגן מיטן שפּריצער אין די הענט. און

געגאַנגען איז גברת אוכמאַני אַליין אין שפּייזקראָם און צוריקגעקומען אַליין מיט עטלעכע קליינינקייטן אויפן באָדעם פון איר האַנטקיישל.

דער פּרימאָרגן האָט באַגעגנט דעם קעמל צופן פון די מאָגערע שיטערע גראָזן אויף יענער זייט וועג, צופוסנס פון אַפּהאַנג. ער האָט געשטעלט פּוילע טריט, אומדעצידירטע, ווי דער גאַנג באַרג־אַרויף וואָלט אים געשראָקן, וואָלט געווען אומזיסט.

קינדער, אויפן וועג צו דער שולע, זענען געבליבן שטיין: הביטו, הביטו, גמל! קוקט, אַ קעמל! פון וואַנען אַ קעמל ביים כינרת? מה פתאום גמל?

די קינדער האָבן זיך געשטעלט אַרום אים. ער האָט אויפגעהויבן זיין שטאָרן קאָפּ און גענומען פירן זיינע אויס־געגלאָצטע אויגן פון איין קינד צום צווייטן און באַוועגן מיטן שפּיצצונג צווישן האַלב־צעעפנטע ליפּן, ווי ער וואָלט שעמעוודיק באַגריסן יעדן פון זיי. ס׳רוב קינדער האָבן קיין לעבעדיקן קעמל ביז היינט נישט געזען. נאָר געציילטע האָבן געזען אַ קעמל אין זאָאָלאָגישן גאָרטן אין חיפה. אפשר איז ער טאַקע אַנטרינען פון גן־החיות פון חיפה?

זייערע הערצלעך האָבן געוויייטיקט וואָס די גרעזלעך ביים וועג זענען שיטער, מאָגער, פאַרזאַמדיקט, פאַרברענט דורך דער זון און קאָנען נישט זעטיקן דעם מאָגן פון דער גרויסער באַשעפעניש. האָבן זיי צעעפנט זייערע רענצלעך, אַרויסגעשלעפּט עסנוואַרג, צו טיילן זיך מיטן פרישטיק. זיי האָבן אים דערלאַנגט פענעצלעך ברויט מיט פּוטער, לחמניות מיט קעז, באַנאַנעס, טאָמאַטן, קיכלעך. דער קעמל האָט זיך נישט געלאָזט בעטן און גענומען מעלה־גירהן דאָס דער־לאַנגטע עסן, קוקנדיק מיט גרויסע אויגן פון דאַנק אויף די

קינדער. און די קינדער זענען צופֿרידן וואָס דער קעמל עסט מיט גרויס אַפּעטיט, באַלעקט זיך מיט דער גרויסער, צעגאָ־ווערטער צונג, וויקלט זי איין, פֿאַרוואָרפֿט זי אומגעלומפּערט צווישן די ציין און גומען, און עס זעט אויס ווי ער וואָלט צוגעקייעט זיין אייגענע צונג.

ווען די קינדער האָבן זיך אומגעקערט פֿון דער שולע און מיטגעבראַכט אַנדערע שילער און פֿריינד, כדי זיי זאָלן אויך זען מיט די אייגענע אויגן אַן אמתן קעמל — און ווו? נישט אין מידבר, נאָר ביים כינרת־ברעג — האָבן זיי דעם קעמל מער נישט געטראָפֿן. ווו איז אַהינגעקומען דער קעמל, ווו? ער איז ערשט געווען דאָ, אַקעגן איבער דער איינזאַמער פּאַלמע, אויף יענער זייט וועג. זיי האָבן געזוכט, געניש־טערט צווישן די הויכע אַפּהאַנג־גראָזן און קוסטעס, געפּירט אויגן פֿול מיט חידוש איבערן וועג, איבערן וואַסער ביי די ברעגן און צווישן די כוואַליעס. אַט, ערשט געווען. און שוין. נעלם געוואָרן.

אפשר איז מען געקומען פֿון גן החיות און אים צוריק־געפֿירט קיין חיפה?

אפשר איז געשען אַן אומגליק? אַ מידבר־חיה איז נישט געוווינט צו גיין מיט אַ געפּלאַסטערטן וועג, איז ,חלילה, אַ לאַסטאויטאָ אַרויף אויף איר, און זי ליגט איצטער אין שווערע ווונדן אין אַ שפּיטאָל פֿאַר חיות. אָבער ווו געפֿינט ער זיך, דער שפּיטאָל פֿאַר חיות?

אפשר האָט אים פֿאַרשאַדט דאָס עסן, וואָס זיי האָבן אים דערלאַנגט? אַ קעמל איז נישט געוווינט צו אַזאַ עסן און אַ טרוקענעס דערצו. איז ער געגאַנגען טרינקען וואַסער, אויפֿ־מינטערן זיך, און — דערטרונקען געוואָרן. אַ קעמל קען, מסתמא, נישט שווימען. אין מידבר איז דאָך נישטאָ קיין

וואַסער, ווו ער זאָל זיך לערנען שווימען. דער כינרת וועט אים זיכער אַרויסוואַרפן, ווי עס איז דער פאַל מיט אַ מענטש, ווען ער דערטרינקט זיך.

די נייגעריקע קינדער, וואָס זענען געקומען ערשט איצט, האָבן עס צו ערשט געהאַלטן פאַר אַ פאַרסע, אַ חוזק־טרייבעניש; אָדער גאָר פאַר אַ חלום, אַן אילוזיע מצד די וואָס האָבן זיי פאַרבעטן אַהער צו. די עלטערע און מער־געלערנטע צווישן זיי האָבן גערעדט וועגן אַ מאַסן־אילוזיע, אַזאַ עולם־גולם פאַרבלענדעניש, אָדער גאָר אַ פאַטאַ־מאָר־גאַנאַ אַזאַ בעת אַ פאַרבלענדענדיקער פרימאָרגן־זון...

אָבער די טרערן אין די אויגן, די ערנסטקייט אויף די צערויטלטע בעקלעך און די שולדיקע פאַרלעגנהייט פון די צערודערטע קינדער האָבן זיי איבערצייגט, און זיי האָבן זיך אויך געשטעלט ביים ברעג און געהאָלפן קוקן, זוכן צי די העלבאַגילדעטע נאָכמיטאָג־כוואַליעס וועלן נישט אָנטראָגן ברעקלעך שאָטן פון דער אומגליקלעכער באַשעפעניש, וואָס איז אַן אומבאַהאָלפענע, נעבעך, געזונקען אין די טיפענישן פון כינרת.

עטלעכע טעג שפעטער האָט ביי די אוכמאַניס געענומען אַרבעטן די אַלטע לאַטיפאַ, די מאַמע פון פאַטימאַ דער שיינער. אויף דערוויל. ביז עס וועט זיך געפינען אַ יינגערע פון איר.

לאַטיפאַ האָט דערציילט, אַז פאַטימאַ די שיינע איז אַוועק מיט אַחמדן, צום ברודערשטאַם, וואָס אין דער ערבה. פאַטימאַ און אַחמד דער קעמלמאַן זענען אַ זיווג פון אַללאַ, וואָס נישטאָ קיין גאָט איבער אים; און לויט אַ משפחה־פאַרשטענדעניש, ווען זיי זענען נאָך אין די ווינדלען געלעגן. איצט, ווען אירע בריסטלעך צערייסן שוין די נעט און די

אָנגעשפּיצטע וואָרצלען רייבן דורך דעם בוזעם־געוואַנט פון איר קליידל, און ער קאָן זיך לאָזן אין גאַלאָפּ אויפן רוקן פון אַ קעמל, אַז קיינער קאָן אים נישט אָניאָגן — איז די רעכטע צייט. איז ער געקומען זי נעמען, אַריינברענגען זי אין די געצעלטן פון זיין משפּחה, פון זיין שבט. זיי זענען אַוועק אין די מאָרגן־שעהען. און אין גיכן וועט זיך דער גאַנצער שבט פאַראייניקן דאָרטן צו פראַווען די גרויסע שמחה פון זייער חתונה, אין אַ מזלדיקער שעה און מיט דער ברכה פון אַלמעכטיקן אַללאַ.

לאַטיפאַ איז געפאַלן מיטן פנים צום טעפּעך אין סאַלאָן פון די אוכמאַניס, און אַריינגעדאַווענט אַ תפילה פול מיט טרערן און געפליסטער, וואָס בלויז איר האַרץ און איר גאָט האָבן פאַרשטאַנען.

# אמנון ותמר

זי הייסט נישט תמר, ווי דוד המלכס טאָכטער, און ער הייסט נישט אמנון, ווי דוד המלכס זון.

אמנון ותמר הייסט די פיש־מסעדה, וואָס נעבן שפּאַציר־וועג ביים וואַסערברעג.

און די ספּעציאַליטעט פון רעסטאָראַן איז דער שם־דבֿרדיקער כּינרת־פיש — אמנון, וואָס הייסט אויך פּאָפּולער — מושט, פּעטרוס. ווער עס קוקט זיך צו נענטער צום נאָמען, וואָס איבערן איינגאַנג, זעט אַז די ו׳ אינעם נאָמען איז מיט אַ פּינטל אין דער מיט, אַ שורוק און נישט אַ חולם. איז דאָך דער אמתער נאָמען פונעם פיש אמנון. אָבער ווער קוקט זיך צו געדיכטער צו אותיות, הויך איבערן קאָפּ? אַז דער נאָמען לייענט זיך ממש אַליין פון זיך, ווען ער גייט צוזאַמען מיט תמר.

פון וואַנען דער נאָמען תמר? פונעם טייטל — תמר — וואָס אין מויל פונעם פיש, ווען איר באַקומט אים אַ געבראָ־טענעם אויפן טיש אַרויף. און סערווירן סערווירט מען אייך אויף טעלער, וואָס זענען באַצירט מיט אַ ברייטן ראַנד פון צונויפגעפלאָכטענע סטיליזיר־סאַמעטלעך, די בלימלעך וואָס רופן זיך אמנון־ותמרלעך.

האָט איר נאָך ווייניק, טראָגט אייך אַקעגן אַ פלאַטער־דיקער שילד אויפן ווינט אַ בייכיקן אמנון מיט אַ בייזן שווימ־קאָם אויפן רוקן, מילדע אויגן, מיט אַ טייטל, וואָס שטעקט

אַרויס מער ווי אַ העלפֿט איבער זיינע ליפּבערעגן. און איבער אים — אמנון ותמר. אונטער אים — מסעדת דגים. און אַ ראַנד אַרום שילד פֿון דריי־פֿאַרביקע אמנון־ותמרלעך.

עס ציט דאָס בילד פֿונעם פֿיש פֿון ווי ווייט. עס פֿאַר־כאַפּט דער ריח פֿון געבראָטנס און עס אינטריגירט דער נאָמען. ווער קען עס נישט די געשיכטע פֿון דער טראַגישער ליבע פֿון ברודער צו זיין שוועסטער,ביידע דעם מלך דודס קינדער? צערייצן זיך די אַפּעטיט־דריזן, נייגער־געפֿילן געמישט מיט אונטערבאַוווּסיניקע געדאַנקען, ביי פֿאַר־בייגייערס, טוריסטן, שפּאַציר־געניסערס און פֿיינשמעקערס.

— שלום, תמר.

די באַדינערין, מיט אויגן וואָס קוקן נישט, נאָר וואַרפֿן בליצן, מיט שוואַרץ־שאָפּענע קרייזל־לאָקן, וואָס פֿאַנגען ווי אַ פֿלאַשעפּענער דעם פּראָפּן, און פּיס, וואָס שוועבן ווי אין אַ פּערמאַנענטן טאַנץ — האָט זיך אַזוי צוגעוווינט צו דעם נאָמען, אַז ווען מ׳רופֿט זי אַזוי ווי זי הייסט, וואָלט זי נישט געוווּסט אין וועמען עס גייט.

— שלום — ענטפֿערט זי, און שטעלט אָן די ליפּן, ווי אַ פֿיש, וואָס כאַפּט דאָס לאָך־ווערעמל, נישט ווויסנדיק, אַז עס לוויערן פֿאַרבאָרגן דאָס פֿאַנג־העקעלע און דער פֿישער.

און שוין ליגט פֿאַר דיר דער אמנון מיט אַ טייטל אין מויל און אַ האַלבע ציטרין אויף זיין בויך.

— חמוצים, ירקות אין עסיג, סאַלאַד־געמיש, חומוס, צובייסעכץ? — פֿרעגט זי מיטן אויסדעקאָלטירטן ציטער־בוזעם איבערן טעלער.

— כן, תמר. אַלץ, וואָס דיין האַרץ פֿאַרלאַנגט, תמר.

און אַז זי האָט דערלאַנגט, פֿרעגט זי: — און אַ געטראַנק?

— כן, תמר.

— אפשר ווייז אויך ? אמנונס האָבן ליב, ווען מ׳טרינקט צו טרוקענעם ווייסוויין.

— יאָ, תמר. אָבער בתנאי...

— דהינו ?

— מיר זאָלן טרינקען צוזאַמען.

— איך טרינק נישט בעת דער אַרבעט.

— איז נאָך אַ פלאַש נאָך דער אַרבעט, תמר. צו־זאַ־מען !

זי ענטפערט מיט אַ שטראָף־פינגער און מיט אַ הילכיק געלעכטער, וואָס מ׳קאָן פאַרשטיין ווי מען וויל, און איז אַן אָפגערעדטער סימן, אויף וועלכן עס פאַרשטייט זיך גוט אמנון.

ער קומט אַריין פון קיך, אין בגדי־קוכער. זיין בייזער בליק, דיקע וואָנצעס מיט שאַרפע שפיצן יאָגן אָן אַ קעלט און פאַריאָגן יעדע נישט דערזאָגטע כוונה. ער ברענגט אַריין ווייז. פּאָרעט זיך ביים אויפעפענען. ער גיט צו פאַרזוכן און וואַרט אויף מבינות.

— אַ דאַנק, אמנון. פּרימאַ. מן המובחר.

ער גיסט אָן אַ פולן כוס. ווינטשט אַ גוטן אַפּעטיט.

— תודה, אמנון. רב תודות, אמנון.

די פישערס ווייסן דעם אמת. דאָס יונגע פּאָרפּאָלק שטאַמט פון אַלט־איינגעזעסענע היגע משפחות זייט דורות.

געגעבן זיי די נעמען און דעם נאָמען פון פיש־רעסטאָראַן, האָט איר זיידע, דער אַלטער פישער, יונדב. ער איז געווען אַ ייד אַ חכם, וואָס אַחוץ כאַפּן פיש מיט הצלחה, האָט ער זיך אויסגעקענט אויף מסחר און געווען בקי אין תנ״ך. די

געשיכטע פון דוד המלך איז תמיד געווען אויף זיינע ליפּן. ער האָט באַוויזן, אַז זיין יִחוס נעמט זיך פון בית דוד. דער בעסטער סימן — זיין נאָמען, ווי עס שטייט אין שמואל ב׳ — י״ג: יונדב בן שמעה אחי דוד...

דאָס פאַלן פון זיין בן־יחיד ביים פּאַרטיידיקן די הייכן אויף יענער זייט כינרת און די געלענקען, וואָס האָבן געגור־מען זשאַווערן און זיך אויסקרומען, האָבן אַריינגעזעצט אַ שטעקן אין זיין האַנט, אַרויפגעזעצט ברילן איבער דער נאָז, אָבער נישט פאַרנעפּלט זיין שכל. פאַרקערט. ווען דער בחור, וואָס האָט זיך געשדכנט צו זיין אייניקל איז נישט געווען באַשאַפן פאַרן פישער־לעבן, האָט ער געזאָגט: קענסט נישט כאַפּן פיש, וועסטו כאַפּן פישערס, און לעבן פון פיש, וואָס אַנדערע כאַפּן... און ער האָט זיי געהאָלפן. איינגעאָרדענט. אויסגעפּשטלט זייערע נעמען און דעם נאָמען פון דער פיש־מסעדה, באַגלייט מיט דער גאַנצער ערמה פון רעקלאַמע. דאָס אַלץ דיקטירט דורך זיין קלאָרן חוש פאַר מסחר און דורך זיינע קענטענישן פון דער געשיכטע פון בית דוד.

איידער די פישערס זענען אַרויס אויפן כינרת ליידיק און נאָכן אומקערן זיך מיט פולע קאַסטנס — איז מען גע־קומען אָפּעסן, אָפּטרינקען אין אמנון ותמר. און אין די אָוונטן, ווען עס איז נישט געווען וואָס צו טאָן, אָדער צום פאַרוויילן זיך, איז מען געקומען אַהער צו.

— בוקר אור, תמר.

— צהריים טוב, תמר.

— ערב טוב, תמר.

זי האָט געענטפערט יעדעס מאָל און יעדען איינעם מיט אַ צופרידענעם שמייכל, ווי אַ כלה־מיידל נאָך דער חופּה, נישט געקאַרגט קיין קוש, נישט אָפּגעשלאָגן די האַנט,

וואָס גלעט, וואָס פּאַרקריכט אויף אַ רגע אין אַן אינטים אָרט, וואָס קניפּט מיט ציטערדיקע פינגער.

— תמר, אַן אמנון, בבקשה, גוט געבראָטן, אָבער אַן אַ טייטל אין פּיסקל, צו פילן דעם אמתן טעם פון פיש.

— און אַן ציטרין, תמר. פאַר אונדז זענען איבעריק דעם זיידנס קונצן.

— דרך ארץ פאַרן זיידן! — בייזערט זי זיך אַ באַליי־דיקטע.

— כל הכבוד פאַר ר׳ יונדב. מיר זענען דאָך אייגענע, תמר, פּראָסט און פשוטע יידן פון מקום, ווי דו, ווי דיין אמנון . . .

עס קומט אַריין אמנון פון צייט צו צייט. זיינע שטראָף־אויגן און העקל־וואָנצעס וואָרענען: — חברה, פירט זיך אויף לייטיש, ווי עס פּאַסט פאַר פישערס פון טבריה, עיר הקודש.

— דו רעדסט שוין מיט פסוקים, ווי יונדב.

— דרך ארץ פאַרן זיידן — מישט זיך אַריין תמר.

— ביסט נישט ווערט צו ברענגען זיין נאָמען איבער די ליפּן — פאַרלירט זיין געדולד אמנון.

ווען עס קומט נישט אַריין קיין פרעמדער גאַסט, אַ נישט היגער, וואָלט אָפט געקומען נישט נאָר צו האַרבע רייד, נאָר טאַקע אויך צו פויסטן, צו צעבראָכענע טעלערס, פלאַשן. די פישערס האָבן אָפּגעטרעטן. זיי האָבן נישט געוואָלט צו פיל דערצערענען אמנונען, וואָס האָט געשטאַמט פון אַ שלע־גערישער משפחה, און זיי האָבן נישט געוואָלט שטערן דעם יונגן פאַרפאָלק אין דער פרנסה. און אויך צוליב די טויזנט חנען און צוגעלאָזנקייט פון תמר, וועלכע האָט תמיד געפּו־נען דאָס לעצטע גוטע וואָרט, דעם איבערבעט־טאָן, ווי אַ

קינד, וואָס האָט זיך פאַרזינדיקט און איז זיך מודה, נעמט די גאַנצע שולד אויף זיך.

שפּעט אין אָוונט קומט אַריין יונדב, אָנגעלענט אויף אַ שטעקן. ער פאַרררייבט די ברילן, וואָס פאַלן אים אַראָפּ פון דער נאָז. שווער אים צוצוגעוווינען זיך צו זיי. ער זעט אַ פולן זאַל מיט געסט, מיט די קעפּ איבער די טעלערס, און מיט אויגן און פינגער, וואָס זוכן צו באַזייטיקן דאָס קלענסטע גרעט־ברעקל, עס זאָל נישט, חלילה, פאַרגנבענען זיך אין האַלדז אַריין און בלייבן שטעקן. די מורא פאַר אַ גרעט־שפּיץ פון אמנון־פיש, וואָס איז דווקא אכזריותדיק, מאַכט הערשן אַ הייליקע שטילקייט אינעם העל־באַלויכטענעם חלל.

— נו, קינדער ? — פרעגט ער און מיינט אמנון און תמרן.

קיינער באַמערקט אים נישט ווי ער מאַכט זיך אַ וועג צווישן די טישלער און שטופּט זיך צו צום ווינקל, ווו עס וואַרט אויף אים זיין באַשטענדיק אָרט. קוים זעצט ער זיך אַוועק, און שוין וואַקסט אויס נעבן אים תמר מיט אַ פיש, וואָס סיי זיין עק און סיי זיין קאָפּ וואַקסן אַריבער דעם טעלער־ראַנד. ער קוקט אויף איר מיט אויגן פול מיט נחת.

— והנערה יפה עד מאוד — זאָגט ער אַ פּסוק, וואָס איז געזאָגט געוואָרן וועגן אבישג, וואָס האָט געוואַרעמט דודן אויף דער עלטער.

אים וואַרעמט איר בליק און דער פולער זאַל מיט פיש־עסערס.

— נו, קינדער ? — פרעגט ער איבער, ווען אמנון שטעלט אַוועק אַ פלאַש אַראַק נעבן טעלער.

און דאָס וויל זאָגן : האָט איר טאַקע נחת פונעם אַלטן זיידן מיט זיינע ממזרישע איינפאַלן, האַ אמנון ותמר ?

ער לייענט די תשובה אין זייערע אויגן, אינעם געשאָקל פון זייערע קעפּ, אינעם קוש, וואָס תמר קושט אים אין די ליפּן און קאָן זיך נישט אָפּרייסן פון זיי.

— ויונדב איש חכם מאוד — זאָגט ער אַ פּסוק, ווי צו זיך.

אמנון גיסט אים איין אַ גלעזל אַראַק. ער טרינקט עס אַראָפּ מיט איין שלוק. און פאַרבייסט מיטן טייטל, וואָס ער נעמט ארויס פון פישס מויל און לייגט אַריין אין זיינעם. תמר שטעלט אונטער איר האַנט צו זיין מויל און וואַרט אויפן קערל. פּלוצעם שטעלט ער זיך אויף, מיידט־אויס קונציק איר האַנט, בייגט זיך איבערן ראַנד פון איר אויסגעשניטענעם דעקאָלט, און לאָזט אַראָפּ דאָס קערל גראָד אינעם בריסט־שפּאַלט.

און אַלע דריי לאַכן.
און אַזוי יעדן אָוונט.
אַזוי יעדן אָוונט.

# אויפן מאַנדלבאַרג

דאָ שוועבט דער ריח פון קדושה, געמישט מיטן ריח פון חלבענע ליכט־פלעמלעך און פון מאַנדלבלי. מאַרמאָרענע טאָוולען פון ביידע זייטן מערה־איינגאַנג דערציילן מיט פּרטים און גרויסע אותיות די לעצטע רגעס פון רבי עקיבא. ציטערן שמע־ישראלדיק און שאָקלען זיך פרום ערב־אָוונטי־קע כינרת־ווינטלעך און פאַרטרייבן דעם ציין־געקריץ פון די אייזערנע קאַמען אין די שינדערישע הענט פון די פּייני־קערס.

רחמים היט דעם מאַנדלבאַרג און בענטשט די, וואָס דראַפּען זיך אַרויף צו. פון תימן איז ער געקומען, רחמים, איבער מדבריות און צו פוס. שפּעטער האָט ער אַ פוס פאַרלוירן ביים פאַרטיידיקן ירושלים. ירושלים איז ווערט דעם פוס. אפילו ביידע. אפילו דאָס לעבן.

איך צינד אָן אַ ליכטל. רחמים פרעגט מיין נאָמען און דעם נאָמען פון מיין טאַטן און פאַרפלעכט זיי אין אַ תפילה, אין אַ ברכה.

איך צינד אָן אַ צווייט ליכטל ביים קבר פון מסילת־ישרים, וואָס טוליעט זיך מיט גרויס עניוות צום שאָטן פון מערה־אוהל.

די פלעמלעך האַלטן איין דעם בין־השמשות, פאַרצוימען דעם וועג פאַר דער נאַכט.

## אור חיים

איך דריי זיך אַרום ווינקל־בנין, וואָס פון טונקל־גראָע ווולקאַן־שטיינער, וועלכע געדענקען נאָך מעשה־בראשית. די קולות פון דרינען רייסן זיך אַרויס צו, ווי אַ לאַווע רייסט זיך אַרויס פון אַ ווולקאַנבראָך. אין די שויבן — צעשאָקלטע שטריימלעך, צעפלאָטערטע פיאות, צעווינטיקטע בערד, צע־פערלטע שטערנס.

ניגונים צעעפענען פאַרבאָרגענע קוואַלן און שטראָמען מיט אַ נאָגנדיק־מאַנענדיקער בענקעניש, וואָס נעמט דיך אַרום מיט רייפן, ווי רייפן נעמען אַרום אַ פאַס מיט רייף־צעשפאַרנ־דיקן אַלטוויין, וואָס וויל פאַרשיכורן.

אַזוי האָט מיך פאַרשיכורט די מלווה־מלכה ביים ראַדאָמסקער רבין — אַ מתנה פון מיין טאַטן צו מיין בר־מצווה. אַזוי — אַ שמחת־תורה ביים פּילצער. ענלעך — ימים־נוראים און סליחות־טעג אין שטיבל, אין ראַקעוו, אַ מהלך וועגס פון אונדזער דאָרף.

שאַ. איך וואָלט געשווירן — דער זעלבער ניגון, וואָס ביים ראַדאָמסקער.

שאַ. איך גיי אַ געוועט — דער זעלבער ניגון, וואָס ביים פּילצער.

שאַ. נישט אַנדערש ווי דער ניגון, וואָס ר׳ פּנחס, דער בעל־מוסף, האָט געבראַכט ספּעציעל פאַר די פאַרכטיקע טעג, אַזש פון מאָדזשיץ, דעם ניגון, וואָס דער צדיק האָט געשאַפן אויפן אָפּעראַציע־טיש, אַ ניגון במקום פאַרשלעף־מיטל...

דער ראַדאָמסקער ניגון, דער פּילצער, דער מאָדזשיצער ניגון פון ראַקעווער שטיבל אין — אור חיים, אין טבריה.

ביים אַריין־און אַרויספאָר פון דער גאַס — שרייענ־דיקע פאַרבאָט־סימנים: לכלי רכב אסור בשבתות ובחגים.

געהער די גאַס צו קינדוואַרג. קליינוואַרג אין בגדי־שבת יאָגן זיך, שפּילן זיך צום טאַקט פון די ניגונים. נישטאָ קיין אָרט פאַר זיי אינעם ענגן בית־תפילה.

אויך פאַר מיר איז צו ענג. מיין קאָפּ איז אָפּגעדעקט און גלאַנציק. מיין באָרד איז קיין באָרד נישט. דאַוון איך אין דרויסן. איך דאַוון, ווי די קינדער שפּילן זיך. און דריי זיך אַרום אור חיים, און דריי זיך. און דריי זיך.

— פאַר וואָס גייסטו נישט אַריין? — פרעגט מיך אַ צעשפּילטער קונדס, וואָס דערגייט מיר קוים איבער די קני.

איך זוך אַ תשובה, וואָס זאָל זיך לייגן אויף זיין קינדע־רישן שכל.

— פאַר וואָס? — פרעגט אַ צווייטער.

איך זוך נאָך אַלץ אַ תשובה.

— זעסט דאָך — ענטפערט אַ דריטער, אַ פּנים אַן עלטערער פון זיי — ער האָט דאָך קיין קאַפּל נישט, קיין ציציות נישט...

— איך האָב יאָ — רייס איך אים איבער.

— מ'זעט נישט — שרייט אויס דער לעצטער.

— און די נשמה זעט מען? — פרעג איך — איך טראָג זיי צוזאַמען מיט דער נשמה; אינעם זעלבן קעס־טעלע, ווו דאָס האַרץ...

די קינדער שטייען אַ רגע נשתומם, איבערחזרן איינער צום צווייטן מיינע לעצטע ווערטער, הייבן מיט די אַקסלען, קוקן אויף מיר מיט באַדויער, און צעלויפן זיך, יאָגן זיך ווידער. און דער ווינט שפּילט זיך מיט זייערע צעפלויגענע פאהלער, מיט זייערע צעפּלאָטערטע ציציותלעך.

## משיח

דער שומר, וואָס היט דעם האָטעל, די בלומען אינעם גאָרטןביים וועג, היט אויך עס זאָל נישט אויספּעלן קיין נאָפט אינעם זיכרון־לעמפּל, וואָס ביים קבר פון רבי ירמיה. און ער דערציילט, אַז גוטע זיבעצן הונדערט יאָר וואָרט רבי ירמיה שטייענדיק, אָנגעטון און מיט אַ שטעקן אין האַנט, כּדי דער ערשטער אָקעגנצוגיין משיחן, וועלכער וועט קומען מיטן הויפּטוועג קיין טבריה.

אַ געדיכטער רויכקנויל הילט איין דאָס בלעכענע קעסטל, וואָס הויזט דאָס לעמפּל, און אַ שאַרפער, צעקרישלטער אַש־שטויב מאַכט הוסטן.

דער שומר שטעלט זיך אַוועק נעבן מיר.

— משיח וועט אַזוי שנעל נישט קומען — זאָגט ער מיט באַדויער.

— פאַר וואָס ? — פרעג איך מיט שטוינען.

— יידן זענען זינדיק — קרעכצט ער אונטער. — אָט ערשט געווען דאָ אַ גבירישער טוריסט פון האָטעל. ער האָט מיר געגעבן אַ דאָלאַר, איך זאָל אָנצינדן דאָס לעמפּל פאַר אים. האָב איך אים אויפגעקלערט, אַז די מצווה איז גרעסער אויב מען טוט זי אַליין ; אויב מען טוט די מצווה מיט אייגענע הענט איז זי חשובער אין הימל.

— אפשר האָט ער אַ קראַנקן רוקן, נישט געקאָנט זיך אַראָפּבייגן ? — האָב איך געוואָלט מלמד־זכות זיין.

— איך האָב אויפגעהויבן די לאָמפּ ביז צו זיין טאַליע...
זעט זיך אויס, אַז ער האָט נישט געוואָלט זיך מטריח זיין, פאַרשמוצן אָדער, חלילה, אָפּבריִען זיינע איידעלע פינגער מיטן שוועבעלע... מיינענדיק, אַז ער האָט מיר געגעבן צו ווינציק, האָט ער מיר דערלאַנגט צען דאָלאַר... האָב איך גענומען דעם באַנקנאָט, אים אָנגעצונדן במקום דעם קנויט, און אים פאַרברענט, פאַרוואַנדלט אין אַש פאַר זיינע אויגן...

און דער שומר האָט איבערגעחזרט, אויספירנדיק סוף־פסוקדיק: ניין, משיח וועט אַזוי גיך נישט קומען.

איך האָב אָנגעצונדן דעם קנויט, אויסרעגולירט דעם פלאַם, אַרויפגעזעצט דעם גלאָז־צילינדער, פאַרמאַכט דאָס פאָדערשטע שויבטירל פון בלעכענעם קעסטל, און געטראַכט: אפשר וועט משיח קומען אין שומרס זכות? אפשר וועט קומען משיח אינעם זכות פונעם שומר?

# א יאַשטשערקע וואָס וויינט

צי האָט איר געזען אַ יאַשטשערקע וואָס וויינט? איך האָב געלייענט אין אַ פּראַנצייזישן דאָרפס־ראָמאַן, וועגן אַ יאַשטשערקע וואָס וויינט און וויינט, ווייל די זון קומט נישט. עס איז איר אומעטיק אָן זון. נישטאָ קיין לעבן אָן זון, נישטאָ קיין פרייד, טריקנט זי איין פון צו פיל וויינען.

און געזען האָב איך אַ יאַשטשערקע וואָס וויינט נעבן משכן קאַלעוו, אַ יאַשטשערקע וואָס וויינט און וויינט, גייט אויס צוליב צו פיל זון, טריקנט איין אין בענקעניש פאַר רעגן.

געווען איז אַ כאַמסיניקער טאָג, נאָך לאַנגע וואָכן פון טריקעניש. דער כינרת איז געלעגן ווייט פון ברעג, איינגע־שרומפּן ווי פון ווייטיק און גרויס לעכצעניש. דער שניי פון חרמון איז שוין לאַנג אויסגערונען און די וואָלקנס הענגען הויך אָן חיות, ווי געשונדענע מילך־אייטערס פון געקוילעטע קי.

זענען יידן געקומען דאַווענען אין משכן קאַלעוו און געשטעלט זיך מיטן פּנים צום באר־מרים. דער קאַלעוווער אַליין איז געשטאַנען פאַרן עמוד. און געבעטן האָבן זיי צום משיב הרוח ומוריד הגשם. און געוויינט צום הימלישן האַר, וואָס — וויל ער פאַלט אַ רעגן; וויל ער, פאַלט ער נישט, און וואָס פאַרבאָרגן זענען זיינע ווילעניש.

און אַ יאַשטשערקע הויט און ביין איז געלעגן אויף דער פאַרטרוקנטער ערד נעבן אַן איינגעדאַרט פּאַלמע־ביימל,

נישט ווייט פון משכן־איינגאַנג, און די אַרויסשטייענדיקע אויגן זענען ביי איר געווען פאַרלאָפן, פייכט און רויט פון וויינען. זי האָט געוויינט וואָס אַזוי לאַנג האַלט אָן די זון, וואָס אַלץ אַרום גייט אויס פון בענקעניש נאָך רעגן. עס איז אומעטיק אָן רעגן. נישטאָ קיין לעבן אָן רעגן, נישטאָ קיין פרייד.

און איך האָב געזען ווי זי הויכט אויס איר לעצטן אָטעם צוזאַמען מיט איר לעצטער טרער.

# ליכטנשטיין

יצחק ליכטנשטיין איז נישטאָ מער. אָבער זיינע יידן זענען דאָ.

ער ליגט אינעם נייעם פליגל פון אַלטן טבריהער בית־עולם, עטלעכע צענדליק שפּאַן פון די תלמידי־בעש״ט. קיין מצבה איז נישטאָ איבער אים.

זייערע מצבות זענען שוין לאַנג צעקרישלט. און זיינע — נאָר אַלץ אַ בערגל זאַמד מיט אַן אָנגעפּוילט הילצערן ברעטל.

אַ קורצער פּרייטיק־נאָכמיטאָג. קוים אַ מנין. דער שליח פון צפת, אַ כהן, בלייבט שטיין פאַרן גדר. ער זאָגט מיט אַ האַלב מויל: צפת וועט אים שטעלן אַ מצבה. צפת און זיין מוזיי זענען עס אים שולדיק. טבריה, וואָס האָט אַ סך וויניקער געגאָסן פונעם קינסטלער, לאָזט איבער דעם כבוד דער שכנותדיקער מקובלים־שטאָט און איר מוזיי.

שוועבן אַרום זיינע יידן אומעטום, רייסן אויף די וואָלקנס, וואָס איבערן כינרת און פאַרפליִען העט ווייט, העט ווייט. קראָקע, בערלין, פּאַריז, ירושלים, אַמסטערדאַם, ניו־יאָרק. און צוריק. איבער די צעקרישלטע מצבות פון בעש״טס תל־מידים, איבער זיין אייגענעם בערגל זאַמד מיטן אָנגעפּוילטן ברעטל פליִען זיי, שלאָגן זיך אָפּ אינעם תכלת פון כינרת און פליען אַרויף, קיין צפת פליען זיי, פליען און מאָנען.

# לעגענדע

אויבן, אויפן באַרג, צוקאַפּנס פון חמי־טבריה, מיטן פּנים צום כינרת — די מערה פון ר׳ כהנא דעם בבלער.

קלאַמערן זיך מײַנע פּיס אינעם ווילד־אָפּהאַנג, גליטשן זיך אינעם געשימל פון קדמונדיקן טרעפּן־געשטעל און פּאַרפּלאָנטערן זיך אין קנאַביק־גולמדיקע דומם־פּלאַנצן־נישט־פּלאַנצן, וואָס שטייען מיט זייערע שטעבערס מחוץ דער צײַט און דראָען.

און עס דראָט די גיפטיקע אורשלאַנג, וואָס היט דעם אײַנגאַנג און לאָזט אַרײַן נאָר גערעכטע, נאָר רעכטפאַרטיקע, נאָר גאָטפּאַרכטיקע.

נישטאָ קיין סימן פון קלעטערפּיס אינעם איבערגעוואַקסענעם ווילדגראָז, אין די אַרויסשטייענדיקע און צעציטערטע קרוינבלעטלעך פון די פייערדיקע מאָנקעפלער און אַ אינעם טרעפּן־געשימל. נישטאָ קיין סימן פון אַ חלבענעם ליכט־טראָפּן, אָדער פאַראַשטן קנויטעקל.

זענען טאַקע אַלע זינדיק? צי גלייבן זיי נישט מער ווי אין דער אורשלאַנג־לעגענדע?

איך האָב געהערט דאָס צישען און רוישן בשכנות פון געוועלבטן קבר־אײַנגאַנג, אָבער דאָס איז געווען דאָס צישען און רוישן פון אַ קוואַל, וואָס זוכט אַ וועג צווישן אונטערערד־שפּאַלטן און פעלדז־געשפּליטער, וויל באַהעפטן זיך מיטן דרויסן, מיטן כינרת, מיטן ירדן. און קאָן נישט. קאָכט זיך דער קוואַל, וואַרפט זיך דער קוואַל ווי אַן אומרויִקע נשמה, ווי אַ דיבוק ביים קלאַנג פון שופר.

איך וועל נעמען אַ גראַבאײַזן, אַ פעלדזשפּאַלטער און צוהעלפן דעם קוואַל. און וועל העלפן באַגראָבן די לעגענדע.

# שבת שלום

„שבת־שלום" — טראָגט מיר אָקעגן מיין שכן פון דריטן שטאָק, וואָס קאָן נעבעך נישט שלאָפן, און גייט דער ערשטער אין שול אַריין.

„שבת־שלום" — זאָגט מיר דער חתן־בחור, מיט די בלי־בלעטערלעך אויפן פנים, און איילט זיך, צו ווייזן זיין צוקונפטיקן מחותן, דעם שמש, אַז ער איז ראוי צו באַקומען זיין טאָכטער.

„שבת־שלום" — וואַרפט מיר צו אַ ייד, בלויז באָרד און פּיאות, מיטן טלית איבערן קאָפּ, אַז איך דערקען נישט אין פלוג ווער ער איז.

און איך ענטפער:
„שבת־שלום, ר' יצחק"
„שבת־שלום,דודל"
„שבת־שלום, ר' ".
און גיי ווייטער אַ פאַרטראַכטער.

יידן גייען דאַווענען. גייען זיי מיט שבתדיקע טריט. בחו־רימלעך נעבן זיי, הינטער זיי, קיין מאָל נישט פאַר זיי.

די בלומען אין די זייטיקע קווייטן און די מיענטע־פלאַנצן פאַררייסן, פאַרכאַפּן אַלע חושים. פאַראַן בלומען, וואָס שמעקן נאָר אין אָוונט. אַנדערע — שמעקן נאָר פאַר טאָגס. און די בלומען, די מיענטע־פלאַנצן אין דער הרצל־אַליי, וואָס פירט אין שול אַריין, שמעקן מיט אַ ספּעציעלער כוונה אין שבת.

די מיסטקאַסטנס פאַר די הייזער בלאַנקען פון דרויסן
און דער עיפּוש עיפּושט נישט. קעץ דרייען זיך אַרום די
פאַרמאַכטע קאַסטנס פון געוווינהייט, און ווייסן נישט וואָס
עפּעס פּלוצעם אָפּגעשלאָסן זייערע נער־רעזערוון. פון שבת
צו שבת פאַרגעסן זייערע קאַצנקעפּ.

די ביימער אין דער אַליי שאָקלען זיך לייכט צום טאַקט
פון די שבתדיקע טריט. באַלד וועלן זיי זיך רעכט צעשאָקלען,
ווי די דאַווענערס אין דער שול.

# טוי און טרערן

קובאַיאַשי איסאַ (1763—1827), דער נאַציאָנאַלער יאַפּאַ־נישער דיכטער, דערציילט ערגעץ, אַז בעת וואַנדער־יאָרן פּלעגט ער זיך פּעדערן און גיין זיך צוקוקן צום טוי אויף די קאַרשן־ביימער, ווייל אין יעדן טראָפּן האָט זיך געשפּיגלט דאָס דאָרף פון זיינע קינדער־יאָרן.

איך שטיי אויף פּאָר טאָגס, זוך אויף די טויטראָפּנס פון מאַראַנצנבוים, נעבן מיין שכנהס אָרעמער הייזקע — און זע נישט מיין דאָרף.

איך נידער אַראָפּ צו די טויטראָפּנס אויף די ברעג־פלאַנצן פון כינרת, און זע נישט מיין דאָרף, ווו איך האָב דאָס ערשטע פערטל פון מיינע יאָרן פאַרבראַכט.

ווו איז די מיל, דער טייך, דער סאָד, דאָס חדר־שטיבל נעבן שטאָל, דער טויבנשלאַק, דער "גרינער באַרג" מיט אסתרקעס שלאָס, דער וועג צו דער גימנאַזיע אין שטאָט? ווו איז די...?

אינעם נעפּל פון טרערן באַווייזט זיך דער גויִשער שכן מיט רציחה אין די אויגן און שנאה אין יעדן אבר. און אָט — פּילגרימען מיט געפּרעפּל אויף זייערע פרום־פּויערישע ליפּן, מיט אייזערנע צלמים אין די רויע הענט, צו שפּאַלטן יידישע קעפּ אויפן וועג צו דער "שוואַרצער מאַדאָנע"...

"די טויטראָפּנס צערינען גיך" — זאָגט דער זעלבער דיכטער אויף אַן אַנדער אָרט — "ווי זיי וואָלטן זאָגן: מיר האָבן נישט וואָס צו טאָן אין אַזאַ טמאדיקער וועלט".

טרערן־טראָפּנס פון קינדערדאָרף צערינען נישט גיך.

# כצאת השמש בגבורתו

די זון איז אַרויס צווישן צוויי באַרגבריסט צעהיצט, צערויטלט און טיילט איין פון איר גענאָד צום אַרום.

די לעצטע נאַכטשאָטנס זענען צערונען און געלאָזן דאָס אָרט פאַר כוואַליעס, וואָס טאַנצן אַקעגן דעם טאָג, מיט פרייד און מיט שטחים פאַרזייטע מיט מאָן־בלימלעך געדיכטע, איינס נעבן צווייטן, איינס איבערן צווייטן.

מעוועס, ווי וואַנדערשטערן, רייבן די אויגן מיט פליגל־עקן, צו פאַרטרייבן די פאַרבלענדעניש, וואָס שטערט אַנצו־פילן דעם לערן מאָגן מיט פרישן פיש־געצאַפּל.

צעשרפעטע ווולקאַן־שטיינער פון אַ פאַרצייטיקן געבעט־הויז קוקן מיט שימל־אויגן, ווי גליווערעמלעך, צום חרובן קירכגלאָק. פּילגרימישע רחמנות־הענט האָבן אים אָנגעהאָנ־גען אין אַ הויכן שטיצגעשטעל, ער זאָל נישט וואַלגערן זיך אָן אַ תּיקון.

קראָען יאָגן זיך אַרום צעפּלאָמטן קופּער־זשאַווער, הענגען זיך אָן אין פאַרגליווערטן גלאָקהאַמער, ווילן אים ריירן פון אָרט. און קאָנען נישט.

בלאָ־גרין גלאַנצט די צעפּרעסענע האַלב־לבנה איבער דער איינגעזונקענער קאָפּולע פון מעטשעט, מיטן וויסטן פּנים צום וואַסער. ווו איז דער מואַזין מיט זיין באַפעלרוף צום פרימאָרגן־געבעט? ער איז אַנטרינען, און אַנשטאָט צו

תפילה, רופט ער איצט, פון אַנדערע מואַזין־טורעמלער, צו מאָרד, צו בראַנד, צו שאַנד, צו בלוט...

און אויבן, הויך, אויפן הר תבור, שטייט אין פלאַמען דער טייטלבוים פון דבורה דער נביאה. ער ברענט און ברענט, און ווערט נישט פאַרלאָשן. און נישט פאַרלאָשן איז דער הילכקלאַנג פון איר ליד פון נצחון איבער די אַרמייען פון סיסראַן:

כן יאבדו כל אויביך ד׳.

ואוהביו כצאת השמש בגבורתו.

# די זון לאַכט

ער ליגט אונטערן געדיכטן שירעם פון אַ נידעריקער און דיקער פּאַלמע, אויף אַן אויסלייגשטול. די פיס, צעשפּרייט, נעמען אַרום איר גראָבן שטאַם, די פּיאַטעס אויף יענער זייט, אין וואַסער. ער רייט אויפן בוים, און די פיס, ווי אין זאָטלרינגען, הענגען אַראָפּ, און ווייקן זיך. כוואַליעס דראַפּען זיך צו די פּאַלמע־וואָרצלען, שווענקען זיי אונטער, ווילן בייקומען דעם בוים, אים מיטרייסן. און קאָנען נישט. עס סטייען נישט קיין כוחות. צאָרענען זיי. טרייסלען מיט זיינע פיס, צעצייטערן זיי, וואַרפן מיט זיי, ווי רייטערפיס בעת אַ ווילדן גאַלאָפּ, נישט־אַהין־נישט־אַהער.

פישלעך, ערשט אויסגעפּיקטע, האַלטן זיך ביים ברעג, שווימען אונטער די פיסזוילן כוואַליע נאָך כוואַליע, כוואַליע נאָך כוואַליע, און קיצלען, און קיצלען.

די זון שטעלט זיך אויפן קאָפּ, צווישן כוואַליעס־און פּאַלמע־געפּלאָנטער, אויס גרויס חידוש: אַ מענטש ליגט אויף אַן אויסלייגשטול, מיט פיס צעשפּרייטע אַרום אַ פּאַלמע־שטאַם, ווי אַרום אַ פערדבויך, מיט פּיאַטעס אין געשאָקל פון כוואַליעס און ווינט ווי רייטערפיס אין אַ ווילדן גאַלאָפּ, נישט־אַהין־נישט־אַהער... און לאַכט.

די זון שטעלט זיך אויפן קאָפּ אויס גרויס חידוש און טרייסלט זיך מיט פון געלעכטער.

# רויזן

איר קומען איז געווען פֿאַר אים אַ סיורפּריז.
זי האָט אים געבראַכט במתנה אַ בילד — דריי רויזן.
— פֿאַרשניטענע רויזן פֿון אַ בלומען־געשעפֿט וואָלטן געווען אַ באַליידיקונג.
— מיר דוכט זיך, אַז איך קען די רויזן — האָט ער געזאָגט מיט איראָניע.
זי האָט געשוויגן און געקוקט אויף אים מיט האַלב פֿאַרמאַכטע אויגן און אַ שמייכל, וואָס האָט פֿאַרלענגערט דעם שפּאַלט צווישן אירע דין געשניצטע ליפּן.
— דאָס איז דאָס בילד, וואָס האָט דיך באַרימט געמאַכט...
איר שמייכל האָט זיך צעלייגט מיט שפּע איבער אירע איינגעפֿאַלענע באַקן.
— ...און דאָס בילד האָט דיך דערווייטערט פֿון מיר
— האָט ער פֿאַרענדיקט דעם פֿריערדיקן זאַץ.
— און דאָס זעלבע בילד ברענגט מיך צוריק צו דיר — האָט זי געזאָגט אַנטשלאָסן און טראַציק, ווי ביים אָפּשליסן אַ לאַנגן וויכוח.
זי האָט געקוקט אויף די ווענט פֿון געררוימען סאַלאָן און געזוכט צווישן די בילדער אַן אָרט פֿאַר אירע דריי רויזן.
— ווי געפֿעלט דיר דאָס אָרט? — האָט זי געפֿרעגט אָוועקשטעלנדיק זיך צווישן צוויי בילדער, האַלטנדיק אירע רויזן אויף איר בוזעם.

ער האָט געקוקט אויף איר. געקוקט אויפן בילד.

— ווען דו האָלטסט דאָס בילד, זע איך פיר רויזן און נישט דריי — האָט ער געזאָגט, ווי עס וואָלט געווען אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך.

— דו ביסט געבליבן דער זעלבער קאָמפּלימענט־מאַכער, זע איך.

— איך בין תמיד געווען אויפריכטיק, כ׳האָב קיין מאָל נישט פאַרלוירן דעם קאָפּ...

— קאָנסט נישט פאַרגעסן, אַז דאָס האָב איך פאַר־לוירן דעם קאָפּ, ווען...

— ווען דיינע רויזן האָבן אויסגענומען אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער אויסשטעלונג אין ירושלים...

— פונקט מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק, פינף און צוואַנציק יאָר, טאָג פאַר טאָג — האָט זי אים איבער־געריסן אונטערשטרייכנדיק יעדע זילבע.

ער האָט שווער אָפּגעזיפצט.

— ...און האָסט פאַרגעסן — האָט ער ממשיך געווען דעם פריערדיקן געדאַנק — אַז דאָס האָב איך דיר געשאָפן די שענסטע דריי רויזן, אַז איך האָב זיי אויסשפּיאָנירט ביי טאָג, און זיך אַריינגעגנבעט מיטן צופאַלן פון נאַכט אין פאַרמאַכטן באָטאַנישן גאָרטן, זיי אָפּגעריסן, מיט האַרץ־קלאַפּעניש, פאַר דיר, און דו האָסט געמאָלן לויט מיין מאָדעל.

— אָבער איך האָב געמאָלן, איך.

— אָבער איך האָב געצאָלט. געצאָלט.

זי האָט אויפגעהויבן אויף אים אַ פּאָר שפּיציקע און גרויסע אויגן פול מיט שטוינען.

— געצאָלט?!

— געמאַכט רעקלאַמע. אָפּגעקויפט קונסט־קריטיקערס, מיטגלידער פון זשורי.

— אַפּ־גע־קויפט, זאָגסטו ?

— אומדירעקט... מתנות. אויפנאַמעס. אומזיסטע לופט־רייזעס און האָטעל אין פּאַריז, דורך מיין רייזע־געזעלשאַפט.

— דאָס איז געווען דיין פּאַרדינסט, און אויך דיין שולד, זע איך איצט... מיט דעם פּאַרזיצער פון זשורי האָב איך זיך מיטגעכאַפּט קיין פּאַריז... לוווּר. גראַן פּאַליי. מוזיי ד׳אַר מאָדערן... דיינע דריי רויזן האָבן פּאַר מיר געעפנט די קינסטלער־וועלט.

— מיינע רויזן און דיין דאַנקבאַרקייט. דיין שכר פאַר אַן אויפריכטיקער און איבערגעגעבענער פריינדשאַפט פון לאַנגע יאָרן. נישט קיין בריוול, נישט קיין קאַרטל פון דיינע וואַנדער־אויסשטעלונגען איבער דער וועלט.

— פון וואַנען ווייסטו דאָס אַלץ, האַ ?

— האָבן דאָך די קונסט־זשורנאַלן געשריבן וועגן דיינע דערפּאָלגן, דיינע אויסשטעלונגען, דיינע רייזעס, און לעצטנס אויך וועגן דעם, אַז דו איבערחזרסט דיך, אַז דו גייסט נישט פאָרויס, אַז דו לעבסט אין זכות פון די ערשטע רויזן.

זי האָט אַראָפּגענומען אַ שטיללעבן, פון אירע ערשטע איילבילדער און אויפגעהאָנגען אויף זיין אָרט אירע דריי רויזן.

— רויזן האָבן פיינט דעם וואַזאָן, אפילו פון טייערסטן קרישטאָל — האָט זי געזאָגט מיט אַ ווייטיק אין איר שטים — ווי אַ פויגל האָט פיינט די שטייג, ווי אַ פּאַריזער קלאָשאַר האָט פיינט דאָס בעט...

ער איז געשטאַנען אומבאַהאָלפן. ער האָט באַדויערט וואָס ער האָט דערמאָנט די לעצטע מיינונגען פון דער קריטיק.

— זיי מוחל — האָט ער געזאָגט.

זי האָט ווייטער געצויגן דעם פריערדיקן געדאַנק: —
...אפילו וויאַנען ווילן נישט רויזן אין דער פרעמד, נאָר אויפן אייגענעם, פאַרוואָרצלטן שטאַמצווייג.

— דעריבער האָסטו מיר צוריקגעבראַכט די רויזן?

— און זיך — האָט זי געזאָגט — לאָמיר וויאַנען צוזאַמען.

ער איז צוגעגאַנגען צום בילד, צוגעשטעלט זיינע ליפּן און זיי געפירט גיריק פון רויז צו רויז, פון רויז צו רויז, און צוריק.

# שניי אויפן חרמון

דער שניי האָט געגומען די פּאָרעם פונעם חרמון און פון די פּאַראַייזטע נעפּל־בערג אַרום און איבער אים. זוכן די זונשטראַלן דעם באַרג און געפינען אים נישט. ווענדן זיי זיך צום כינרת. ער איז נאַקעט און געדונצלט איז זיין הויט, איינגעשרומפּן פון קעלט. דאַרף מען אים אָנוואַרעמען, לויזער מאַכן זיין שויס.

ווייט איז דאָס וואַסער פון די ברעגן. שעלטן די פישערס. זיי מוזן טראָגן די שיפלעך, די נעצן, פישלאָדונג ווייט אַוועק. שוין חדשים ווי קיין טראָפּן רעגן איז נישט געפאַלן. קוקן די פישערס צום חרמון מיט האָפענונג און בקשה. זאָל שנייען און שנייען, זיך אָנזאַמלען בערג מיט שניי, חרמון איבער חרמון. וועט קומען די פסח־זון, די שבועות־זון און דעם שניי אין שטראָמען פאַרוואַנדלען, שטראָמען פאַרן כינרת, צו באַ־דעקן די אָפּגעדעקטע ברעגן.

ביז וואָס ביז ווען דאַרף מען שלעפּן די שיפלעך איבער די שטיינערנע ראַנדן, און איינגעבויגן ווערן די רוקנס. די יונגע זענען אין צה״ל, אין מילואים, אין פאַבריקן, אין פאַ־קולטעטן, אָדער אין חוץ לארץ — דאַרף מען אַליין שלעפּן.

די זון לאָקט די פיש מיט דער וואַרעם־שוימיקער בשורה פון פאַרטאָגס און העלפט דעם פישער אין זיין אַרבעט. מיטאָג־צייט ווענדט זי איר גלי אַרויף צו, אַרום צו. עס סקריפּען שניי־שטערנדלעך צעהיצט דורכן גלי־שפּיץ פון שטראַלן און דערטראָגן צו די פישערס ווויל־קלינגענדיקע אָנזאָגטענער פון בעסערע פאַנגטעג, פון לייכטערע מי, אויסגעגראָדטע רוקנס.

ביז ווען ביז וואָס — גיב כוחות, גאָט פון פישער און פון כינרת, דעם פישער און דעם כינרת!

## צו שפּעט

איך האָב ליב די פּרימאָרגן־שירה פון די שוואַלבן, וואָס נעכטיקן אין שויס פון די שפּעדיק־באַבלעטערטע אַלעאַנדערס נעבן מיין פענצטער. זיי נעמען זיך אָפּ פּאַר אַ פולע נאַכט מיט שווייגן. כ׳האָב ליב דעם ריטמישן ציטער פון די צווייגן, די בלעטער און בלומען, דעם פליגל־געפלאַטער צום טאַקט פון זייער געזאַנג. און דעם געצאַפּל פון אַ צווייגן־פּלאָנטער צום געטרייסל פון זייער פאָרן זיך.

אויסגעפּוצט אין טויקרעלן קוקן אַריין אין מיין שטוב די אַלעאַנדער־בלומען און שפּאַרן אָן זייערע ווייסע און רויטע קעפּלעך אינעם דראָטענעם נעץ פונעם פענצטער.

אַ משיחעלע, קוים אויסגעשלאָפן, קומט צו פליִען, קלאַפּט זיך אָפּ פונעם דראָטנעץ, און פאַלט צעטומלט אויף אַ ווייסן בלומקרוין.

— אַנטלויף! — שריי איך, זעענדיק ווי אַ שוואַלב גרייט זיך צום פאַנג — פלי אַריבער צו דער רויטער בלום, וועט ער נישט באַמערקן דיין צונטער־פאַנצער מיט די טונקל־ברוינע חן־פינטעלעך, למען השם...

עס קומט דער גערטנער, שטעלט אָן די שפּריץ־שדימלער, און וואַסער־ריטלעך פאַריאָגן די פייגל, ווי ווירער פאַר־יאָגט בייזע רוחות.

צו שפּעט, משיחעלע, צו שפּעט.

# בוגענווילִיע

די בוגענווילִיע־בלומען זענען ווי בלעטער, מיט אַ רוקנ־שנור און אָדערן, נאָר זיי זענען נישט גרין. זיי זענען רויט, ווי די שקיעה איבער די הרי־נפתלי אין האַרבסט. זיי זענען ראָז, ווי שעמפּלעקן ביי אַ חסידיש מיידל. זיי זענען טונקל־פּיאָלעט, ווי אָפּט די נאַטור ביי שאַגאַלן. זיי זענען ווייס, ווי פרישער שניי אויפן חרמון.

דריי בלעטלעך, ביים עק פון אַ צווייג, באַשליסן צו ווערן דין ווי פּליספּאַפּיר, דורכזיכטיק אויף דער זון און צו שאַפן אַ שוצשויס פאַר דריי זוימען־שטענגלעך, מיט מיקראָס־קאָפּישע ציין־קריינדלעך אויף די ברעגן. און די צווייגן יאָגן זיך, איבעריאָגן זיך, ווי געטריבן דורך אַן אינערלעכן שד און קלעטערן, ווי צו ברענגען אַ בלומען־קרבן אויף אַ מזבח אין די הייכן. און אינעם געקלעטער, פאַלן זיי ביי זיך, ברעכן זיך צוזאַמען, פאַרלירן דעם קאָפּ, און הענגען זיך אַן איין צווייג אין דער צווייטער, וויקלען זיך צונויף, זוכן צוזאַמען אַן אָנהאַלט, אַ שטאַנג, אַ צוים, אַ וואַנט.

פון ביידע זייטן שטיינערטרעפּ, פון דער גאָרטנזייט צום וועג צו, וואַקסן בוגענווילִיע־קוסטעס. זייערע וואָרצלען זענען באַזונדערע, אָבער זייערע צווייגן זענען צונויפגעמישט, צונויפּ־געפּלאָנטערט, צונויפגעוויקלט, אַז דו ווייסט נישט ווער איז ווער. וואָלסט געזאָגט, אַז אויף איין צווייג שפּראָצן בלומען פון פאַרשידענע פאַרבן.

זיי האָבן פֿאַרכאַפּט די באַריערע פֿון ביידע זייטן טרעפּ און ציִען זיך צו, ווי פֿאַרליבטע אָרעמס, בייגן זיך קעגנזייטיק, פֿאַרנייגן זיך העפֿלעך ווי אין אַ פּאַרצייטישן טאַנץ און כאַפּן זיך אַרום, שאַפֿן אַ בויגן איבער דיין קאָפּ, אַ געוועלבטן בלומען־הימל.

ווּעסטו קומען צו מיר חנוכה־צייט, נעם דעם וועג דורכן גאָרטן, אַראָפּ די טרעפּ. עס איז כדאי. און באַוווּנדער דעם שפּעטזומער, געפֿאַנגען אינעם בוגענווילע־געפֿלאָנטער, צו להכעיס דעם האַרבסט, וואָס שפּאַרט פֿון אַלע זייטן.

# אלעאַנדער

„מ׳דאַרף אונטערגיסן דעם אַלעאַנדער" — דערמאַנט זי אים, ווי יעדן אָוונט פאַרן שלאָף.

דורך די שפּאַלטן פון וויקל־לאָדן צעצינדן פּרי־פּרימאָר־גנדיקע שטראַל־פלעמלעך די אַלעאַנדער־בלום, וואָס האָט זיך אויסגעפּיקט איבער נאַכט, ווי מאַגיש אַרויסגעשפּראָצט פונעם גרינעם בלעטער־געפלאָנטער.

תפילה־ברעקלעך פון צעגענעצטע פייגל־קעלן יאָגן נאָך, פאַרפלאָנטערן זיך אין איר שנאָרך־אָטעם און צעוויגן פרום די אַלעאַנדער־בלום.

זי ליגט אַ מידע. אַ זאַטע.

ווי פיל מאָל וועט ער נאָך דאַרפן אויפוויקלען און אָפּ־וויקלען דעם לאָדן, ביז זי וועט טיילן דעם מוטער־גורל פון דער פלאַנץ?

„מזל־טוב!" — רופט ער אויס, ווען זי נעמט אים זוכן נעבן זיך.

זי טרייסלט אָפּ דעם האָר־וואָלקן פון אירע צעציטערטע באַקן.

„מזל־טוב. דער אַלעאַנדער האָט געבוירן אַ בלום. גיב אַ קוק!"

„אַ גוטער סימן!" — ענטפערן די גלי־פּייערלעך אין אירע צעפינקלטע אויגן און אַ לייטזעליקייט צעלייגט זיך מיט רחבות איבער יעדן ברעקל פון איר צעלויטערט פנים.

„מ׳דאַרף אונטערגיסן דעם אַלעאַנדער" — דערמאַנט זי אים, ווי יעדן אָוונט פאַרן שלאָף.

# ערב-שקיעה

ער שטייט מיטן רוקן אויף דער אונטערגעשווענקטער פּאַלמע, וואָס נאָך אַ שטורעם און זי וועט זיך אָפּרייסן פון ברעג, און ער וויגט זיך. די ערב־שקיעה וויגט זיך צוזאַמען מיט אים.

ער וויגט זיך און וואַרט.

אויף וועמען וואַרט ער?

אויף וועמען וואַרטן די צעקאַרבטע קאָרע פון שטאַם און דער בלעטער־פעכער, אויבן־הויך, ווי אַ פייגל־שרעקער איבער אַ צעכוואַליעטן תבואה־פעלד? אויף וועמען וואַרטן די נאַקעטע וואָרצל־אָרעמס, ווי אָפּגעדעקטע שלאַנגען־נעסטן, און די אומגעדולדיק־פאַרכאַפּערישע כוואַליעס אויף וועמען וואַרטן? אויף וועמען וואַרט ערב־שקיעה?

שאַ. דוכט זיך — זי קומט. איז עס דער ווידערקול פון אירע פלינקע טריט איבער די צעווינטיקטע אָפּהאַנגען? איז עס דער געפלאַטער פון אירע צעפלויגענע האָרבייטשן און צעפּאַכעטע אָרעמס?

דאָס מאָל וועט זי אים נישט אַנטרינען.

ער וועט זי אַוועקשטעלן מיטן רוקן צום בוים, אַזוי ווי ער איצט. ער וועט פאַרלייגן אירע אָרעמס פון הינטן, פאַר־בינדן זיי אַרום בוים מיט די האָרבייטשן. ער וועט פאַרלייגן אירע לאַנגע פיס הינטערן בוים, זיי פאַרבינדן מיט וואָרצל־שטריק, פאַרציִען פעסט זיי זאָלן זיך נישט אויפלאָזן...

און זיך וויגן צוזאַמען. צוזאַמען. צוזאַמען. ביז דער בוים וועט פאַרלירן זיין לויזן אָנהאַלט אין זאַמדיקן ברעג, און אַריין צוזאַמען אין וואַסער.

און שווימען. שווימען. שווימען.

## נאטיר מארט

דער פלוצעם צעווילדעוועטער ווינט פון די גולן־הייכן האָט זיך אָפּגעקלאַפּט פון צעקרומטן כינרת־שפּיגל און, ווי מיט צוואַנגען, אַרויסגעריסן די איינזאַמע פּאַלמע, וואָס האָט זיך געקלאַמערט עקשנותדיק אינעם משופּע־אָפּריס צווישן מיין טעראַסע און וואַסערברעג. איז געבליבן אַ ווערעמדיקע נעסט, און צעצויטיקטע וואָרצל־גלידער, וואָס ציִען זיך בלינד און צעוווּנדיקט פון זייטיקע פעלדז־שפּאַלטן, ווען צער.

באַקומען זיין קרבן — שטילט זיך דער פלוצעם צעוויל־דעוועטער ווינט פון די גולן־הייכן.

שטעלן זיך פעלדפייגל, פון געוווינהייט, אויפן קרוינ־פּעכער פונעם בוים, וואָס איז נישטאָ מער, און בלייבן שטיין, ווי זיי וואָלטן געהאַט אַ צווייג, אַ בלאַט, אַ שופּנהאָרן אונטער זייערע פּיס.

צוויי פּאַרליבטע טויבן זענען אַרויס מידע פון שטייג, וואָס אויפן שכנס טעראַסע, און זוכן מיט פאַרשנדיקע אייגע־לער: ווו איז די פּאַלמע, ווו? נישטאָ מער דאָס שפּרינג־ברעט אינעם פלי צום כינרת? זיי לאָזן אַ טרער גראָד אינעם צעווייטיקטן נעסטלאָך. נאָך אַ טרער. און לאָזן זיך אַראָפּ צו.

די פּאַלמע ציטערט אויסגעצויגן אין דער ברייט, מיט אַ האַלבן פּעכערקאָפּ איבערן וואַסער, און צעיאַכמערטע וואָרצל־געדערעם וואַרפן זיך מיט אַ בייז געשווים, קוקן מיט טויזנטער אויגן פון רחמנות. פּאַריאושט, פאַרשעמט ווי נאָך אַ נישט געלונגען פּאָרן זיך, שטעלט זיך דאָס טויבן־פּאָרל אויף אַ צעהוידעטן וואָרצל־גליד, און טרערן רינען פון זייערע האַלב־פאַרמאַכטע אויגן־שפּאַלטן, ווי פון אַ טריפנ־דיקער פעלדזוואַנט אין אַ הייל.

# צווישן דערנער

אויפֿן ווילדגראַזיקן אַפּריס, וואָס קייקלט זיך צום כּינרת־ראַנד — צונטער־רויטע קעפּלעך פֿון מאַנבלומען.

אָפּגעציטערטע קרוין־בלעטלעך האַלטן זיך פֿאַרקרעמפּטע אויפֿן דינעם העלדזל פֿון דאָרן און אויסגעצויגענעם שטענגל, וואָס באַהעפֿט זיי צום וואָרצל. ציטערן זיי, פֿלאַטערן מיט דער נשמה, און שוואַרץ איז זייער אַנהאַלט־דרייעק, אויס מורא פֿאַרן ווינט, פֿאַרן שטורעם.

נאָך גוט וואָס אַרום וואַקסן געדיכט קנאַכיקע ווילד־געוויקסן, ספּק־פּלאַנצן ספּק־פּעלדזפֿינגערס — און שיצן די בלומען. אויסגעטרוקנטע דערנער, מיט מערדער־שטעכערס, ווי הירשן־הערנער, און צעהויקערטע ביינער היטן אָפּ איידע־לע, עפּעמערישע נשמה־בלימעלעך. אַ בלינדע שליחות — נישט דערלאָזן, אַז ווינט און שטורעם זאָלן שטערן דעם זאָמען־בעכער אין רייפֿן, אינעם אויספּיקן זיך פֿון נייע מאַנבלום־דורות.

נייע צונטער־רויטע בלומבאַקן וועלן ווייטער צירן דעם אַפּריסיקן אַרום און צערייסן די מאָנאָטאָנע ווילדגראַזיקייט, וואָס קייקלט זיך צום כּינרת־ראַנד, אינעם זכות פֿון גולמדיקע ספּק־פּלאַנצן ספּק־פּעלדזפֿינגערס, וואָס איך קען אפֿילו זייער נאָמען נישט.

# גראַדואַציע

זיי האָבן זיך געליבט צווישן בלומען, מיט שווײסן צע־עפנטע פֿאַר בינען־גלוסט.

זיי האָבן זיך געליבט אין פֿעלד, צווישן צעווינטיקטע תבֿואה־זאַנגען.

זיי האָבן זיך געליבט צווישן גראָזן ווילדע.

זיי האָבן זיך געליבט צווישן רויזן־קוסטעס מיט שטע־כערס שפּיזיקע.

זיי האָבן זיך געליבט צווישן פֿעלדז־אָפּריסן און באַרג־שטיינער מיט שלאַנגען־נעסטן און געלע סקאָרפּיאָנען, וואָס בריִען זיך אויף דער זון.

זיי האָבן זיך געליבט אויפֿן אַלטן בית־עלמין, ווען אָוונט־שאָטנס וואַלגערן זיך צווישן מצבֿות ווי פֿאַרוואָגלטע נשמות און דערציילן זיך דעם סוד פֿון שקיעה.

# האַרץ און שכל

ווען זי איז געווען צוועלף יאָר אַלט, האָט ער געהאַט צוויי מאָל אַזוי פיל יאָרן. זי איז געווען רייך און שוואַך אין רעכענען. ער איז געווען אָרעם און שטאַרק אין רעכענען. איז ער געוואָרן איר קאָרעפּעטיטאָר.

ביי אַכט יאָר האָט זי שוין געשריבן לידער. צו אירע דרייצן יאָר איז אַרויס איר ערשט בענדל פּאָעזיע וועגן נאַטור, וועגן בלומען, וועגן כינרת, וועגן חורבן שלאָס פון דונה גראַציה, וואָס פילט אויס אירע חלומות מיט פּאַרצייטיקע מעשיות און פאַנטאַזיעס.

צוזאַמען מיטן פאַרענדיקן די שול, איז אַרויס איר צווייט בוך לידער, געווידמעט ליבע. און דער אָביעקט פון איר ליבע איז געווען — ער.

ער, וואָס איז אין צווישן געוואָרן אַ מאַטעמאַטישער גאון און פּראָפעסאָר אין אַ וועלט־באַרימטן אוניווערסיטעט.

זי האָט אים צוגעשיקט איר בוך מיט אַ ווידמונג: פאַר מיין גאָט, מיטן אָפענעם מוח און פאַרמאַכטן האַרץ. און פון אונטן צוגעשריבן אַ ציטאַט פון פּאַסקאַלן: "דאָס האַרץ האָט זיין שכל, וואָס איז דעם שכל אומבאַקאַנט".

ווען עס איז אַרויס זיין ניי בוך "מאַטעמאַטיק און שכל", האָט ער עס איר צוגעשיקט, פאַרזען מיט אַ ציטאַט פון מעטערלינקן: "ווען איך וואָלט געווען גאָט, וואָלט איך געהאַט רחמנות אויפן מענטשלעכן האַרץ".

# ווען...

וואָס פאַר אַ פרוי וואָלט איך געווען, ווען כ׳בין נישט קיין מאַן ?

צי וואָלט איך געווען ווי צופיה מיטן קרומען אויג און פולן בוזעם, וואָס לאָקן פרעמדע מענער, נאָר נישט איר מאַן ?

צי וואָלט איך געווען ווי דליה און נישט אַנטרינען באַלד, ווען איר מאַן האָט דאָס ערשטע מאָל אויפגעהויבן זיין שווערע האַנט אויף איר ?

צי וואָלט איך געווען ווי סולטאַנאַ די שיינע, וואָס איר מאַן צעשעדיקט איר פנים, זי זאָל נישט געפעלן קיין אַנדערע מענער ?

צי וואָלט איך געווען ווי פרומעט, וואָס שיט איין קינד נאָכן אַנדערן, ווייל איר באַיאָרטער מאַן שרעקט זיך, אַז די זיקנה וועט ביי אים אָפּנעמען דעם כוח ?

צי וואָלט איך געווען ווי פראַנסין, וואָס שווערט יעדן טאָג איר מאַן אייביקע ליבע, און פאַרקויפט זי צו אַנדערע אויפן זייגער ?

צי וואָלט איך געווען ווי אָלגאַ, וואָס קוים פון איר אוקראַיִנישן דערפל אַרויס, און שוין איז איר ענג אינעם קליינעם לענדל ?

צי וואָלט איך געווען ווי אילנה, וואָס וויל בעסער איר מאַן זאָל זיין אַ טאַקסי־שאָפער אין אַהייאָ־פּראָווינץ, ווי אַ פקיד אין ירושלים ?

צי וואָלט איך געווען ווי עופרה, וואָס — מיד פון תל־אביב, האָט זי פאַרלאָזט איר מאַן, און אַוועק לעבן אין אַ מצפה־פונקט אין צפון־גליל?

צי וואָלט איך געווען ווי...?

צי וואָלט איך געווען ווי מיין פרוי?

זאָג, מיין פרוי: וואָס פאַר אַ מאַן וואָלסטו וועלן זיין, ווען דו ביסט נישט קיין פרוי? ווי דער מאַן פון צופיה? ווי דער מאַן פון דליה? ווי דער מאַן פון סולטאַנאַ דער שיינער? ווי דער מאַן פון פרומעט? ווי דער מאַן פון פראַנסין? ווי דער מאַן פון אַלגאַ? ווי דער מאַן פון אילנה? ווי דער מאַן פון עופרה? ווי דער מאַן פון...?

זאָג, מיין פרוי.

אַזוי ווי דו וואָלט איך וועלן זיין, מיין ליבער, אַזוי ווי דו וואָלט איך וועלן זיין, וואָלט איך וועלן.

# אייביקייט

ער האָט איר געשוווירן ליבע אויף אייביק, אויף אייביק.
האָט זי אים געפרעגט: ״וואָס הייסט ביי דיר אייביקייט?״
האָט ער געענטפערט: ״אַזוי לאַנג ווי די ליבע וועט דויערן״
״און ווען די אייביקייט וועט אַדורך?״ — האָט זי געפרעגט.
״וועט מען זיך ליבן אויף ס׳ניי״ — האָט ער געענטפערט.

# שטיינער ווערן לעבעדיק

דאָ ליגן שטיינער מיט אַ פּנים ווי שעפּסנפּעל זייט דורות נישט געשוירן. און האָבן פֿאַרגעסן זייער ווולקאַן־אָפּשטאַם. וואָלסט געזאָגט — פֿאַרשטיינערטע שעפּסן רוען דאָ, שלאָפֿן זייער אייביקן שלאָף אויף די הרי־נפתלי, מיטן שיכון פֿון יונגע פּאָרלעך צופֿוסנס. טייל זענען באַהאַפטן ווי אין אַ ספּאַזמאַטישן ליבעאַקט, נישט אַהין און נישט אַהער. מאָנבלומען וואַקסן בשכנות און ווערן רויט פֿאַר חרפּה. מאַרגאַריטקעס ווילן ווערן רויט ווי מאָנקרוינען, ווילן ווערן ברוין־בלאָלער ווי די שטיינער־פּעל, און דער ווינט לאָזט נישט, די זון לאָזט נישט, די בינען לאָזן נישט.

מ׳וועט באַלד קומען מיט פֿעלדז־שפּאַלטערס, מיט בול־דאָזערס, און אַוועקפֿירן צעטרייבערטע שטיקער אין שטיינ־האָקעריי. מעכאַנישע מעסערס וועלן אָפּשינדן די צייטשיכט, און זיי פֿאַרוואַנדלען אין שטיינבלאָקן פֿאַרן שיכון אין בוי. און צווישן די פֿיר ווענט פֿון יונג־פּאָרפֿאָלקישער אינטימיטעט וועלן זיי באַקומען לעבן, וועלן זיי זיך אומקערן מיטן זיכרון צום ווולקאַנישן אור־געטרייסל.

## חוף השקט

זי נעמט שוין די פיל דעם דריטן חודש. אירע חברטעס האָבן אָנגעהויבן ביי פערצן יאָר; זי — מיט אַ יאָר שפּעטער. זי האָט געוואַרט ביז איר פּאַרנט וועט באַקומען מער פּרוויזשע פּאַרמען.

זי האָט זיך געלאָזט צורעדן דורך איר בעסטער חברטע און געקומען צום ערשטן מאָל אין דאַנצינגזאַל פון שטילן ים־ברעג.

זי האָט זיך געפרעגט: פאַר וואָס הייסט דער זאַל, דאָ ביים ברעג פון כינרת, חוף השקט, אין דער צייט ווען אַלץ אַרום איז דאָ אַזוי רעשיק, אַזוי פאַרהילכנדיק און די מוזיק שטורעמט אַזוי ווי אַרטילעריע־לופעס אויפן פראַנט.

פאַר וואָס?

אַ חייל האָט געוואָרפן אַן אויג אויף איר, און דאָס ערשטע וואָס ער האָט זי געפרעגט בעתן טאַנצן, איז געווען — צי זי נעמט די פיל. די פראַגע איז געקומען אומדערוואַרט און דירעקט, ווי אַ פאַרלוירענע קויל. די בלוטן האָבן זיך ביי איר צו ערשט פאַרוואַנדלט אין פייער, דערנאָך אין קאַלטן שווייס, און די פיס — אין צוויי פעלדזן נישט צו רירן פון אָרט.

האָט ער גענומען צום טאַנץ איר חברטע, וואָס האָט אָנגעהויבן מיט אַ יאָר פריער. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט און געזען ווי פאַרלער דרייען זיך, דער זאַל דרייט זיך און די קאַלירטע דריילאָמפּ רייסט זיך אָפּ פון באַלקן און דרייט זיך אונטער איר שאַרבן.

ווען די חברטע מיטן חייל זענען אַרויס פון זאַל גע־
אָרעמט, איז זי מיט לונאַטישע טריט זיי נאָכגעגאַנגען. זי האָט
זיך אָנגעכאַפּט אין אַן עוקאַליפּטוס ביים ברעג, אַרומגענומען
פעסט זיין אויסגעבויגענעם שטאַם, נישט אומצופאַלן. דעם
געהילך פון דער מוזיק האָט דער כינרת איינגעשלונגען און
די פּאָרלעך, וואָס זייערע שאָטנס האָבן זיך געוואַלגערט
איבער די כוואַליעס, זענען געווען שטיל, זייער שטיל, און
זעלטענע הנאה־זיפצענישן האָבן געטיילט דעם גורל פון גע־
הילך, פון די שאָטנס.

איצט האָט זי פאַרשטאַנען פון וואַנען דער נאָמען —
חוף השקט.

# בועז און דער אקס

בועז היט אָפּ די קי און דעם אָקס פונעם קיבוץ, וואָס צווישן כינרת און האַלב וועגס צום גולן. די זון קלאַפּט זיך אָפּ פון וואַסער, שיינט גראָד אין הינטערחלק פון די קי און צעקאָכט זייערע בלוטן, קערט אָפּ זייערע אויגן פון נידעריקן און פאַרזאַמדיקטן גראָז. צוואַנציק פּאָר אויגן גלאָצן אין דער ריכטונג פון אָקס.

און דער אָקס ? ער טראָגט אַ גלאָק אַרום האַלדז. לויט דעם געקלאַנג, ווייסט בועז צי ער יאָגט זיך נאָך אַ קו, אָדער שטעלט זיך מיט די פאָדערשטע פיס איבער איר. בועז ווייסט נישט פאַר וואָס דער אָקס איז אַזאַ שלימזל: צי צוליב זיין צו גיכער צעהיצטקייט, אָדער צוליב דער צעקראָכענער הכנעה פון דער קו. ער ווייסט, אַז אָן זיין הילף, וועט פון אַזאַ פּאָרן זיך קיין קעלבל נישט קומען אויף דער וועלט. דערקענט בועז דעם גלאָק־געצאַפּל פון ווי ווייט און קומט אַרויסהעלפן.

און ער טראַכט וועגן זיין צניעותדיק ווייב, וואָס איז פרום אין יעדן פּרט. און וועגן אסתר, דער שכנטע, טראַכט ער; אסתר, מיט די ברייטע טרייסל־היפטן, וואָס זענען בלויז לאָקעניש. און וועגן חדווה, וואָס איז בלויז פּעטס און פלייש, און ווען ער לאָזט איר אַ בלאָען פלעק אויפן לייב לאַכט זי און וויל נאָך. און וועגן זוהרירה, דער קוועקזילבערדיקער, ווי איר נאָמען, טראַכט ער, וואָס איז באַשאַפן צו ליבע, בלויז צו ליבע...

# א פרומע געליבטע

ער האָט געהאַט אַ געליבטע, וואָס איז געווען פרום, זייער פרום. פאַרן איבערגעבן זיך האָט זי פאַרלייגט די הענט צום געבעט און געזאָגט אַ תפילה פון געבעטבוך. יעדע נאַכט אַ תפילה ווייטער.

זי האָט געזאָגט, אַז דאָס שאַפט ביי איר די געהעריקע עקסטאַז און פאַרמינערט דאָס געפיל פון שולד.

נאָך האָט זי געזאָגט, אַז דאָס פאַרטרעט ביי איר די פיל קעגן פאַרשוואַנגערן. יעדעס מאָל, ווען זי פאַרגעסט צו זאָגן אַ געבעט, פאַרגייט זי אין טראָגן.

און ווען זי האָט אָפּגעזאָגט אַלע תפילות, האָט זי אים אַוועקגעשטעלט. און גענומען אַ צווייטן געליבטן.

אַ חודש שפּעטער, איז זי געקומען אין זיין גינעקאָלאָ־גישער שפּיטאָל־אָפּטיילונג, ווי דעמאָלט, ווען ער האָט זי צום ערשטן מאָל באַקענט, און געבעטן ער זאָל זי באַפרייען פון . . .

ער האָט געפרעגט: — צי האָסטו פאַרגעסן צו זאָגן אַ געבעט, אָדער די תפילות ווירקן נישט מער?

— איך האָב נישט פאַרגעסן, נאָר נישט באַוויזן. ער פלעגט מיך נעמען מיט שטורעם, מיט שגעון, נישט געלאָזן קיין צייט, קיין צייט נישט געלאָזן . . .

# א פולע גניבה

עס איז געווען אַ פולע לבנה. אַ פולער כינרת. אַ פולע וואַר.

אַזאַ לבנה זעט מען נאָר, ווען זי איז פול, ווען דער כינרת איז פול און די וואָר איז פול.

און פול זענען געווען די הערצלעך ביי אַילת און ביי אַרי.

פול מיט וואָס?

זיי האָבן זיך געהאַלטן פעסט ביי די הענטלעך, ביים לעצטן האָרא־טאַנץ, און געפילט האַרצקלאַפעניש אין די שפיצן פון די פאַרפלאַכטענע פינגער. קוים האָט זיך געהערט דער פינאַל־פייף, פונעם ממונה איבערן כינרת־קן פון די יונגע סקויטן — שוין זענען זייערע פיסלעך געפלויגן אַראָפּ, אַראָפּ, אַראָפּ דעם שאַרפן אָפּריס צום וואַסערברעג.

— האַלט דיך פעסט אין מיר — האָט ער געבעטן — מסוכנדיק דער באַרגאַראָפּ.

זי האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיין האַנט. געלאַכט. מיינסט, אַז כ׳בין אַ קינד נאָר, וואָס מ׳מוז היטן. שוין געפּראַוועט מיין בת־מצווה.

זי האָט געוואַרט אויף אים. ער איז אַריין אין אירע אָפענע אַרעמס און געפאַלן צוזאַמען ביים ברעג.

— איך בין נאָך אַ קינד — האָט זי געזאָגט מיט געבעט.

— האָסט ערשט געזאָגט, אַז ביסט עס נישט מער.

— עס ווענדט זיך צו וואָס, אַרי?

— אַ שטייגער?

— צו אַ קוש, צו אַ קוש, אויף די ליפּן, אַרילע...
געדענקסט ווי דו האָסט מיר געגעבן דעם ערשטן קוש בעת
דיין בר־מצווה, אונטער אַ פּאַלמע, אין גאָרטן?

— געווען אַ גניבהשער קוש, גיך, קיינער זאָל נישט
זען.

— גיב מיר איצט אויך אַזאַ גניבהשן קוש. פּיל אויס מיט
אים מיין האַרץ, ווי דעמאָלט?

— פאַר וואָס נישט מער, אילת שלי? פאַר וואָס?

— עס איז היינט אַ פולע לבנה — האָט ער געזאָגט
ווי צו דער פולער לבנה.

— און אַ פולער כינרת — האָט זי געזאָגט ווי צום
פולן כינרת.

— און אַ פולע וואָך — האָט ער געזאָגט ווי צו דער
פולער וואָך.

— און אַ פולע גניבה, אַרילע, אַ פולע גניבה, אַ פולע
גניבה, אַ פולע גני־בה, אַ פו־לע גע־ני־בה...

— אַ פולע גניבה, אַ־יע־לעת שלי, אַ פו־לע גע־ני־
בה...

און זיי האָבן זיך צוגעהאָרכט צום גאַלאָפּירנדיקן
הסכמה־טאַקט פון זייערע איבערגעפולטע הערצלעך.

# קינד און קייטל

צו אירע פיר יאָר, האָט מילי באַקומען פון איר סבתא אַ גאָלדן קייטל מיט אַ הערצעלע. האָט זי עס אָנגעטון מירין.

מירי דערלאַנגט איר לאַנגן האַלדז און אירע אויסגעגלאָצטע אייגעלעך באַוועגן זיך צעשמייכלטע אין אַלע זייטן. מילי פּאַרטשעפּעט מיטן קייטל מיריס צעלאָקטע האָר און זאָגט: — סליחה.

מירי ענטפערט: — אין דבר.

מילי פאַרקייטלט פון הינטן די לעצטע העקל־רינגלעך און שטעלט זיך קוקן ווי מירי שטייט מיט גאווה און דאָס גאָלדענע הערצעלע שלאָגט זיך אָפּ פון בלאָען פאַרנט פון איר קליידל, ווי אַן אויפגייענדיקע זון פון כינרת.

— תודה — שאָקלט מירי מיט איר צערויטלטן קאָפּ. און דאָס אַראָפּהענגענדיקע הערצעלע שאָקלט מיט.

מירי נעמט טאַנצן, אַ צופרידענע, צום ריטעם פון רעשיקע מוזיק־טענער און מילי נעמט קלאַפּן מיט די הענטלעך און לאַכן צום טאַקט.

— גענוג זיך געשפּילט — שרייט אויס די סבתא, וואָס איז פלוצעם געבליבן שטיין אין דער אָפּגעלענטער טיר פון קינדער־צימער. — לייג אַוועק די פּופּע און קום אַריין אין סאַלאָן צו די געסט, וואָס זענען געקומען צו דיין געבורטסטאָג. נישט שיין אַזוי.

— נישט קיין פּופּע — ברוגזט זיך מילי — דאָס איז מירי, מיין קינד... סבתא נישט שיין... נישט געבראַכט גאָלדן קייטל־הערצעלע אויך פאַר מירי... מירי אויך איר געבורטסטאָג, צוזאַמען מיט מילי. זי איז ברוגז, מירי. מילי אויך ברוגז.

די סבתא האָט געהויבן מיט די אַקסלען, און איז צוריק אַריין צו די געסט.

מילי האָט אַוועקגעזעצט מירין אויף איר שויס, גענומען קושן אירע ליפּעלעך. זי האָט געגעבן נאָך אַ קוועטש אויף אַ קנאָפּ פון עלעקטראָנישן קעסטעלע, וואָס זי האָט גע־האַלטן אין האַנט, און מיריס ליפּעלעך האָבן זיך באַוויגן, האָבן צוריקגעקושט.

— נו, מילי? — שטעקט דער פּאָטער אַריין דעם קאָפּ.

— מילי ברוגז. מירי ברוגז.

די מוטער, וואָס האָט געהערט מיליס וויינענדיק שטימע־לע, האָט אָפּגעשטופּט דעם פּאָטער פון דער טיר.

— נו, קום מיין קינד — האָט זי געפּרוווט איינעמען די קליינע — דער אבא וועט פּאַר מירין אויך קויפן אַ קייטל.

— אַ גאָלדנס.

— אַ גאָלדנס.

— מיט אַ הערצעלע פון גאָלד.

— מיט אַ הערצעלע פון גאָלד.

די מוטער האָט זי אַ נעם געטון אין אירע אָרעמס און אַריינגעטראָגן אין סאַלאָן. די געסט האָבן זיך אויפגעשטעלט, גענומען זינגען:

למילי, למילי, יום הולדת —

און געהויבן די גלעזער: מילי, מילי, לכבודך, לכבודך!

מילי האָט פעסט געדריקט צו זיך מירין, און געוואָלט אַלעמען איבערשרייען:

— מירי גם כן יום הולדת, מירי אויך איר געבורטס־טאָג, מירי גם כן!

זי האָט אַוועקגעשטעלט מירין אויפן טיש, געדריקט אויף אַ קנאָפּ, און מירי האָט געקלאַפּט בראַווא. די געסט האָבן צוגעקלאַפּט צום טאַקט.

# קאַקעטעריע

נומי האָט איבערגענומען די פּופּעס פון איר שוועסטערל, נילי.

נילי זיצט ביי די עלעקטראָנישע אַפּאַראַטלעך פון איר עלטערן ברידערל, מתי, און אַרבעט אָן אויפהער ווי אַ מוראַשקע. זי דריקט אַריין אַ קנעפּל, גיט אַ קוועטש אויף אַ קעסטעלע, דרייט אָן אַ שפּרינגערעדל און פרייט זיך, ווען עס באַווייזט זיך אַ גרינע אָדער רויטע ציפער, ווען עס בליצט אויף אַ שטערן, ווען עס הערט זיך אַ גלעקל, אָדער עטלעכע טענער פון אַ באַקאַנטער מעלאָדיע. זי שפּילט זיך אויך מיט מתיס קוביה, ווען ער איז אין שולע. זי אַרבעט מיט אירע געשיקטע פינגערלעך, דרייט די קוב־פלאַכן אין אַלע זייטן און שפּרינגט אויף פאַר פרייד, ווען עס קומען אַרויס צוויי, דריי קובן פון דער זעלבער פאַרב אין דער זעלבער ריי. מ׳זאָגט אויף איר ברודער, אַז ער וועט אויסוואַקסן אַ צווייטער איינשטיין. וויל זי אויך. זאָל זיין כאָטש אַ האַלבער איינשטיין.

נומי פאַרלאַנגט אַ סך ווייניקער. זי איז באַשיידן. זי איז צופרידן מיט די פּופּעס, וועלכע נילי דאַרף נישט מער. זי איז מסכים מיט דער מאַמען, אַז איין איינשטיין און אַ האַלבער אין דער משפּחה איז גענוג. זי פרייט זיך וואָס זי איז שוין אַ גרויסע און דאַרף זיך שוין נישט שפּילן בלויז מיט נאַקעטע און פּלאַסטישע נעגערלעך, פּישעלעך, סירענעס, הינדעלעך און גענדזעלעך. זי מעג זיך שוין שפּילן מיט אמתע פּופּעס, אויסגעסטראָיעטע אין קליידלעך, בלוזקעלעך,

לייבהייזלעך, ברוסט־האַלטערס, ווי די מאַמע, און טראָגן הויך־גאַרנדיקע און געלאַקטע האָר ווי זי אַליין.

נומי זיצט אַ פאַרנומענע און קאָלירט אויף שוואַרץ די האָר פון די פופעס, מיט די שול־פאַרבן פון מתין.

— פאַר וואָס? פרעגט די מאַמע.

נומי ענטפערט נישט, נאָר טינקט איין דאָס בערשטל אין דער צעלאָזענער פאַרב און מאָלט ווייטער.

— פאַר וואָס? — פרעגט דער טאַטע — נישט שיין די רויטע האָר פון די פופעס? רויט איז דאָך די שענסטע האָרפאַרב פאַר אַ מיידעלע.

— דיינע האָר זענען דאָך אויך רויט — שטרייכט אונטער די מאַמע, וואָס טראַכט וועגן די פאַרבפלעקן, וואָס זענען צעשמירט אומעטום און זי וועט דאַרפן זיי אַרויסנעמען, רייניקן. — רויט איז דאָך שיין, נומילע!

— דווקא ווייל עס איז שיין — האָט זי געענטפערט טראָציק און אַנטשלאָסן, פאַרלייגנדיק די באַשמירטע הענטלעך איבער די היפטן — נומי וויל זיין שיין אַליין. זאָלן די פופעס האָבן שוואַרצע האָר, ווי נילי, ווי מתי... נומי וויל נישט זיין איינשטיין... נומי וויל זיין שיין. אַליין האָבן שיינע, רויטע האָר. נישט די פופעס. אַליין...

זי האָט איינגעטונקען דאָס בערשטל אין דער שוואַרצער שולפאַרב פון מתין און ווייטער געמאָלן די האָר, קוקנדיק מיט טריומף־אייגעלעך אויף אירע עלטערן.

# האַרבסט

דער האַרבסט האָט זיך צעלייגט מיט נעפּל, מיט רעגן, מיט בלאָטע און מיט בענקעניש נאָך דער זומערדיקער זון.

מ׳האָט אַוועקגעלייגט שטיינער ביז צום אַספּאַלטוועג, כּדי אויסצומיידן די בלאָטע, וואָס פאַרן הויז. אָבער גבי טרעט מיט כּוונה דערנעבן, כּדי אַריינצוברענגען די בלאָטע אין שטוב, אַרויסצורופן דער מאַמעס כּעס. ער האָט ליב צו זען זיין מאַמע ווי זי יאָגט אים אַרום דעם גרויסן סאַלאָנטיש און פאַלט אַוועק אויף דער סאָפע אַ פאַרסאָפּעטע שרייענדיק: וואַרט, איך וועל דערציילן דעם טאַטן. ער ווייסט דיך אָנלערנען. אָבער, ביז דער טאַטע קומט, האָט די מאַמע פון לאַנג שוין באַפרייט דעם טעפּער פון קלענסטן בלאָטעשפּור.

מעוועס שטייען אונטער אַ דעכל פון אַ נישט־פאַרענדיקט הויז און פאַרבאַהאַלטן זייער צעציטערט־קאַלטן קאָפּ אונטער דער זיכערער און וואַרעמער שויס פון אַ פליגל. גבי האָט ליב צו זען מעוועס אָן קאָפּ און ווי זיי באַקומען אים צוריק ווי נאָר ער שליידערט צו זיי אַרויף אַ שטיין. און ער האָט ליב צו הערן ווי זיי שליידערן אים צוריק אַ הייזעריק געבייזער און אַ רעשיק געפלאַטער פון דראָענדיקע פליגל.

מיקי און מזל קומען מיט אַ זייטיק שטעגל, שאַרן זיך שאָטנדיק ביי דער וואַנט, קוקן זיך אַרום צי מ׳זעט זיי נישט, און ווערן נעלם אין הויז. גבי זעט זיי פון הינטער אַ באַרג מיט ציגל, וואָס וואַרטן אויף בויערהענט, און פרעגט זיך: פון וואַנען נעמט זיך דאָ מיקי? ער איז דאָך אין אַ טאַנק

אויפן גולן, אויף יענער זייט וואַסער! ער ווייסט, אַז דער דוד פסח און די דודה מלכה ווילן נישט מיקי זאָל זיך טרעפן מיט מזלן. עס הערן זיך דאָרטן געשרייען און געוואַלדן צוליב דעם. ער ווייסט נישט פאַר וואָס. אים געפעלט גאָר שטאַרק מזל, מיט די געקרייזלטע האָר ווי ביי אַ שעפּס, מיט אויגן בלאָע ווי דער כינרת, מיטן לאַנגן האַלדז ווי ביי באַמבי און פינקלענדיק־ווייסע ציין ווי ביי צינדערעלאַ פון זיינע מעשה־ביכלער.

ער האָט געטראַכט — היינט וועט ער אַריין אין בלאָטע הויך ביז איבער די קנעכל. ווען די מאַמע וועט אים נעמען יאָגן און דראָען, וועט ער איר זאָגן, אַז ער האָט פאַר איר אַ גרויסן סוד, אַ סוד וועגן מיקי און מזל. וועט זי ווערן צוקערזיס, פאַרגעסן די בלאָטע און אַריבערלויפן צו דער דודה מלכה מיטן סוד. און ער הערט שוין די געוואַלדן, וואָס וועלן באַגריסן מיקין.

ער האָט געהויבן די פיס ווי באַמבי אינעם מעשה־ביכל, און פאַר אים — דער סוד, דער נצחון איבער דער מאַמעס כעס, און הינטער אים — אַ הייזעריק געבייזער און אַ רעשיק געפלאַטער פון דראָענדיקע מעוועס.



# היינט האט געזאלט רעגענען

היינט האָט געזאָלט רעגענען.

איבערן כינרת הענגען וואָלקנס מיט לאַדונג גרייט צו צעשפּליטערן דעם וואַסער־שפּיגל. באַלד וועט זיך הערן דער שטורעם־ריטעם פון רעגן־ריטלעך איבערן זויערן אַזיערע־פנים.

מעוועס פליִען פויל, ווי דער הימל, וואָס האַלט זיך נידעריק, וואָלט געשווערט אויף זייערע פליגלען, און מידע — זוכן זיי אַ באַהעלטעניש.

אַ מיידל, מיט האָר ווי כוואַליעס אין שטורעם, וואַרפט אַראָפּ פון זיך איר קליידל, לויפט לענג־אויס דעם ברעג, און מיינט אַז אויסער דעם נעפל און די מעוועס זעט קיינער נישט אירע צעבגרותטע פאָרמען.

פּראָפעסיאָנעלע וועטער־פאָרויסזעערס האָבן אָנגעזאָגט, אַז עס וועט זיין פאַרוואָלקנט, אַז צווישן גולן און די נפתלי־בערג וועט פאַלן אַ רעגן.

איז דער הימל פאַרוואָלקנט, דער כינרת האָט אַ זויער פנים פון וואַרטן און צווישן גולן און די נפתלי־בערג פאַלט נישט קיין רעגן.

אינעם שכנותדיקן גן־ילדים זינגען קינדער:

טיף, טיף, טיף, טיפותי —
גשם, גשם בשדות,
לשיבולת, לאילן
ולפרח הקטן שבגן . . .

אַ צוווייטער קינדער־גאָרטן כאַפּט אונטער:
גשם, גשם, מתחנן הגן
בלי דום, בלי דום.
גשם, גשם משמיים,
גשם, גשם משמיים...
אין די געבעט־הייזער וועט מען באַלד בענטשן גשם:
בעבורו אל תמנע מיים,
בעבורו אל תמנע מיים...
זילבער־פּישלער שטעקן אַרויס זייערע נייגעריקע קעפּ־
לער: נו, ווי האַלט עס מיטן רעגן? ווי האַלט עס, האַ?
אַ באַבערדלטער גראָבער קאָפּ פון אַ טריפהנעם באַרבוט
קאָמאַנדעוועט אַן געדולד: אָהין אָדער אַהער! אַ־הין אָדער
אַ־הער!

דאָס מיידל טראַכט: איידער וואָס און איידער ווען...
און צעשטורעמט די כוואַליעס מיט איר צעפּאַכעטן גוף.
נעמען די כוואַליעס זי אַרום מיט ווילדער תאווה, און
טראַכטן: צו קיין שטורעם־רעגן קומט עס נישט. צו קיין
שטורעם־רעגן קומט עס נישט, אָבער בעסער ווי גאָר נישט,
בעסער ווי גאָר נישט...

# די האַנט

ווען עס איז געקומען די צייט פאַר גבריאלן צו גיין שלאָפן, האָט דער פאָטער געגעבן אַ קלאַפּ אין די הענט, און אַ זאָג געטון באַפעלעריש: "נו, גבריאל, גענוג טעלעוויזיע!"

גבריאל האָט אַ קוק געטון אויף זיין פאָטער מיט אַ געבעט: "נאָך אַ ביסל, אבא, די בילדער זענען אַזוי שיין. שפּעטער שלאָפן".

די מאַמע האָט זיך אַריינגעמישט, געשטעלט זיך אויף דער זייט פון קינד.

"נו, זאָל זיין" — האָט דער פאָטער נאָכגעגעבן — "אָבער נישט מער ווי פינף מינוטן".

"וואָס הייסט פינף מינוטן, אבא? וויפיל איז פינף מינוטן, אבא?" — האָט גבריאל געפרעגט.

"דאָס איז אַזוי פיל מינוטן ווי פיל פינגער אין אַ האַנט, קינד מיינס".

"וויל איך ביידע הענט, אבא!".

"מסכים".

"אָבער נישט מיינע קליינע הענטעלער, אבא, נאָר דיינע, דעם אבאס גרויסע הענט, נישט מיינע".

## דער זייגער

צו זיין בר־מצוה האָבן זיך די נאָענטסטע קרובים צוזאַמענגעלייגט און אים געקויפט אַ זייגער. און געווען איז עס נישט סתם אַ זייגער, נאָר אַ בייכיקער ציפערבלאַט מיט געצירטע ווייזערס איבער גלאַנציקע אותיות אין מיטן אַ ברייטראַנדיקן און רונדיקן שפּיגל. געשטאַנען איז דער זייגער אויף דריי פיס און דער שפּיגל איז געווען באַזוימט מיט אַ גילדענער רעם און אין איר — ווי פייגלנעסטן — אויס־געזעצט די מזלות, ווי פינקלדיקע איידלשטיינער אַרום אַ צנועהדיקן כלה־האַלדז. און צווישן די צוויי סטיליזירטע פּאַדערפיס — אַ קונציק לוח־קעסטעלע מיט צוויי שייבלער, אין איינעם די ציפערן פון טאָג, אין צווייטן — דער נאָמען פון חודש.

— עס קאָסט טאַקע טייער, אָבער עס איז אַ זאַך, וואָס האָט קיין פּרייז נישט — האָט געזאָגט ירוחם לוי, דער אַנטיק־וואַר פון רשי־גאַס, נומער אַכט. — עס איז אַ זייגער מיט גרויס יִחוס, נישטאָ נאָך אַזאַ איינער. עס האָט אים געמאַכט ר׳ בצלאל הזקן, אַן אָפּשטאַמיקער פון בצלאל בן־אורי משבט יהודה, וואָס האָט געבויט דעם מישכן. און געווען איז ער נישט בלויז דיין און פילאָסאָף, נאָר אַלץ וואָס זיינע מחשבות האָבן פאַרטראַכט, האָבן זיינע הענט געמאַכט. דער זייגער איז אַ סגולה צו אריכות־ימים און ווער עס פאַרמאָגט אים, דער איז באַשאָנקען מיט מזל, מיט הצלחה און ברכה.

האָט דער פאָטער געטראַכט: ווער דאַרף נאָך אַזוי מזל, הצלחה און ברכה ווי זיין בר־מצוה־בחור? אַז גאָרנישט גייט אים אין קאָפּ אַריין. די פּרשה און די הפטורה, וואָס

ער לערנט שוין איבער אַ יאָר, קלעפּן זיך צו אים, ווי צו אַ גליטשיקער וואַנט. מ'האָט געמוזט זיך אָפּזאָגן פון מפטיר. און ווער ווייסט צי ס'וועט אַדורכגיין אָן אונטערזאָגן די קורצע עליה־ברכות.

— דער זייגער, דער לוח און דער שפּיגל — האָט ממשיך געווען ירוחם לוי, דער אַנטיקן־הענדלער — דער־גאַנצן זיך. זיי זענען ווי ס'לעבן גופא. ווי דער דרך־עולם. כאַפּסט אַ בליק אויפן ציפערבלאַט און דו זעסט ווי שפּעט עס איז אַרום, אַרום דיר. כאַפּסט אַ בליק אויף די לוח־שייבלעך און דו זעסט די צייט אַרום, אַרום דיר. און גיסטו אַ קוק אינעם שפּיגל — זעסטו ווי שפּעט עס איז אין דיר, די צייט אין דיר, אין דיין נשמה, אין דיין פּנים, אין דיין לייב און לעבן. מ'דאַרף סיי קוקן אויפן זייגער, סיי אויף די לוח־שייבלעך, סיי אינעם שפּיגל. און געדענקען מוז מען אָנצו־דרייען די שפּרינגפעדער פון זייגער און פון לוח. און גע־דענקען מוז מען צו פּוצן דעם שפּיגל, נישט דורכלאָזן קיין איינציקן טאָג.

זאת התורה מר' בצלאל הזקן, וואָס ציט זיין ייִחוס פון בצלאל בן־אורי משבט יהודה, בונה המישכן.

מ'האָט אים דערלאַנגט די מתנה און מ'האָט אים געזאָגט, אַז ער מוז געדענקען אָנצודרייען די שפּרינגפעדער און פּוצן דעם שפּיגל איטלעכן טאָג. מ'האָט אים געוואָרנט, אויב ער וועט פאַרגעסן, וועלן די שעהען זיך אָפּשטעלן, וועלן די טעג זיך אָפּשטעלן, די חדשים, די יאָרן. וועט די צייט גיין אָן אים. און אויב ער וועט אים פאַרגעסן צו פּוצן, וועט דער שפּיגל פאַרצויגן ווערן מיט אַ נעפּל, וועט זיין אָפּבילד אַרויס מטושטש, זיין פּנים פאַרוויאַנעט, פאַרוועלקט פאַר דער צייט.

האָט ער געדרייט דעם זייגער און געדרייט. נישט אַדורכ־געלאָזט קיין איינציקן טאָג. נאָר ווען ער האָט דערפילט, אַז

עס פֿאַרלאָזן אים די כּוחות, אַז ער ווערט אַלט, האָט ער אויפֿגעהערט אָנדרייען דעם זייגער.

געפּוצט דעם שפּיגל האָט ער ווייטער. נאָר דאָס פּוצן האָט נישט געהאָלפֿן. דער שפּיגל האָט זיך פֿאַרצויגן מיט אַ נעפּל. זיין אָפּבילד איז אַרויס מטושטש, זיין פּנים פֿאַר־וויאַנעט, פֿאַרוועלקט.

האָט ער באַדויערט, וואָס דער שפּיגל האָט נישט קיין שפּרינגפֿעדער, וואָס מ'קאָן אויפֿהערן אָנציִען, ווי דעם זייגער, איינהאַלטן.

האָט ער אויסגעדרייט דעם זייגער מיטן פּאָרנט צו דער וואַנט און געזען אַז ער האָט קיין פּנים נישט, און אַז שוואַרץ איז די הינטערזייט פֿון שפּיגל און שוואַרץ זענען די מזלות. און ביים אונטערשטן ראַנד האָט ער געזען אויסגעקריצט דעם נאָמען און אַדרעס פֿון אַנטיקן־הענדלער. האָט ער איינגע־פּאַקט דעם זייגער און געגאַנגען זוכן אַ שפּרינגפֿעדער צום שפּיגל.

— דאָ וווינט ירוחם לוי, דער אַנטיקוואַר? — האָט ער געפֿרעגט.

— יאָ, ירוחם לוי, אָבער נישט דער אַנטיקוואַר. דעם אַנטיקוואַרס אַן אייניקל — האָט אים געענטפֿערט אַ פֿרוי, אין אַ פֿלאַש־גרין קלייד, מיט אַ בליציקער בראָש אין סאַמע פּאָרנט.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט און געזען, אַז אויף די ווענט, אויפֿן טיש, אויפֿן דיל זענען אויסגעשטעלט זאַכן, וואָס האָבן גאָרנישט צו טאָן מיט אַנטיקן.

— ירוחם לוי, דער זיידע, איז שוין פֿון לאַנג אויפֿן עולם־האמת. ער האָט אויפֿגעגעסן כּמעט זיין גאַנץ אַנטיקן־געשעפֿט. פֿאַרן טויט האָט ער געראָטן זיין זון צו פֿאַר־וואַנדלען דאָס געשעפֿט אין אַ קבורה־אונטערנעמונג. אַנטיקן

דאַרף דער עולם וואָס אַ מאָל ווייניקער. אָבער קבורה־צערעמאָניעס, מצבות, קבר־אָרנאַמענטן, קינסטלערישע בלומען־וואַזאָנעס, גאָלד־אותיות און ענלעכע מלאך־המוות אַקצעסאַריעס — וועט מען תמיד דאַרפֿן. איצט געהערט דאָס געשעפֿט צו ירוחם לוי, דעם אייניקל. איך בין זיין פּרוי.

זי האָט טיף אָפּגעאָטעמט, אַרויפגעצויגן אויף איר פּנים אַ נעבעך־מאַסקע און מיט אַ קול פון אַ מנחם־אבל געזאָגט:

— מיינע טיפסטע תנחומים. איר זאָלט נישט וויסן מער פון קיין צער. השם נתן והשם לקח. אַ קרובה, אַ קרוב, אַ נאָענטער? וועמען דאַרף מען ברענגען צו קבורה, וועמען?

ער האָט געקוקט אויף איר מיט אויגן שטאַרע, זיך פאַרקוקט אינעם בליץ פון איר בראָש, אויפגעפּאַקט דאָס פּעקל און אָוועקגעשטעלט דעם זייגער אויפן טיש.

— וועמען? — האָט ער איבערגעפרעגט ווי אַ נישט־היגער — וועמען? אָט דעם זייגער. ברענגט אים צו קבורה. דעם זייגער, מיטן לוח, מיטן שפּיגל. נעמט אים...

און ער איז אַרויס. זיינע פּיס זענען געגאַנגען ווי נאָכן אָרון פון אַ שונא.

## געיעג

דאָס וואַסער האָט באַקומען אַ פּנים, ווי שטערן בעת היציקע וויכוחים און צעכוואַליעטע מחשבות, וואָס ראַנגלען זיך, יאָגן איינע די אַנדערע, יאָגן זיך אָן, באַקעמפן זיך און טרייבן שוים אויף די ליפּן.

די ערשטע כוואַליע האָט געוואָלט זיין די ערשטע אויפן זאַמדיקן ברעג. די צווייטע האָט זי געוואָלט איבעריאָגן, פאַרנעמען דאָס אָרט פון דער ערשטער. און די דריטע כוואַליע האָט געוואָלט זיין כאָטש פאַר דער צווייטער.

און אין מיטן געראַנגל איז געקומען אַ שטורעמווינט, און איבערגעדרייט דעם סדר.

ווען דער שטורעמווינט האָט זיך געשטילט, האָט די ערשטע כוואַליע געוואָלט זיין די ערשטע אויפן זאַמדיקן ברעג. די צווייטע האָט זי געוואָלט איבעריאָגן, פאַרנעמען דאָס אָרט פון דער ערשטער. און די דריטע כוואַליע האָט געוואָלט זיין כאָטש פאַר דער צווייטער.

# די קאַץ

זײַן רחבֿותדיקע ווילע, וואָס נישט געווען נאָך אַזעלכע אין שטאָט, איז געווען צו קליין אַרײַנצונעמען די געסט, וואָס זענען געקומען פֿײַערן זײַנע אַכציק יאָר.

ביים רונדיקן טיש, אין מיטן אויפֿנעמזאַל, איז געזעסן דער בעל־היובֿל. פֿון דער לינקער זײַט — זײַן עלעגאַנטע פֿרוי, מיט גוטע דרײַ צענדליק יאָר ייִנגער פֿון אים. ביי זײַן רעכטער האַנט — אַ ליידיקער שטול פֿאַר באַגריסערס. פֿאַר אים, נעבן מיקראָפֿאָן, איז געלעגן בריוּוחדיק זײַן אַנגאָראַ־קאַץ. אירע געפּלעגטע, זײַדענע פֿעלהאָר האָבן אינעם פֿאַר־בלענדשײַן פֿון די קרישטאָלענע הענגלעמפּ, געפֿינקלט מיט אַ מיראַזש פֿון פֿאַרביקע שטראַלן, ווי אַ קינסטלערישע ליכט־פֿאַנטאַזיע. ער האָט געגלעט די צעשטראַלטע האָר מיט צערטלענדיקע שפּיצפֿינגערס און דער קעצישער רוקן האָט אים געענטפֿערט מיט אַ שלאַנגענדיקן ציטער. און דער מורמל פֿון איר הנאה האָט זיך געטראָגן איבערן זאַל, צע־הילכט דורכן דערנעבנדיקן מיקראָפֿאָן.

— ווער דאַרף די קאַץ אויף דער שמחה, ווער?

— אויך אַ מחותן, האַ?

— אַ מין ביטול־באַציִונג כלפּי די געסט.

— ער מעג זיך אַלץ דערלויבן, מיינט ער...

די קעלנערס און די סערוויר־מיידלעך האָבן געטראָגן כּיבוד.

דער בירגערמייסטער האָט געלויבט די גרויסע פאַרדינ־סטן פון בעל־היובל פאַר דער שטאָט, פאַר די נויטבאַדערפ־טיקע בירגער. זיין ברייטע האַנט. גרויס האַרץ.

דער יונגער פינאַנץ־מיניסטער האָט געדאַנקט דער באַלעבאָסטע, וואָס זי האָט געוווּסט, אַ דאַנק איר שאַרם און נאַטירלעכער יוגנט, איינצוהאַלטן דעם חשבון פון איר מאַנס יאָרן און צו אינספּירירן זיינע אַקטיוויטעטן.

די קאַץ, פון וועלכער איר האָר האָט אויף קיין רגע נישט אַראָפּגענומען זיין אומרויִקע האַנט, האָט אָנגעשטעלט אויפן מיניסטער אירע ביידע אויגן ווי פאַרבליץ־רעפלעקטאָרן און אַ וואָרף געטון אויף אים צוויי סנאָפּעס פלאַשגרינע שפּיזן, וואָס האָבן ביי אים אָפּגענומען דאָס לשון.

דערנאָך האָט גערעדט דער אינערן־מיניסטער. ער האָט געבראַכט אַ פּסוק מיט אַ פּשטל, אַ משל און אַ נמשל צו די מעלות און מידות טובות פון יונגן בעל־גבורות.

נאָך אים — דער קולטור־מיניסטער. ער האָט אָנגעזאָגט דאָס שאַפן פון אַ פּרייז פאַר שואה־פאָרשונג אויפן נאָמען פון בעל־היובל און אַ מוזעע פאַר מאָדערנער קונסט, וואָס וועט טראָגן דעם נאָמען פון זיין באַליבטער און איבער־געגעבענער פרוי.

שפּעטער האָט גענומען אַ וואָרט דער פירער פון דער פאַרלאַמענט־אָפּאָזיציע. ער האָט געלויבט די אומבאַגרע־נעצטע אהבת־ישראל פון גרויסן נדבן, וועמען ענגע פאַר־טייִשקייט איז פרעמד און דערווידער. און געוווּנטשן די זעלבע און געזונטע דורכגעטראַכטקייט אויך בקרוב, ווען זיין פּאַרטיי וועט קומען צו דער מאַכט.

— ער גלעט די קאַץ — אַ סימן, אַז אַלץ איז פאַלש.
— ער איז אַ ייד אַ פּיקח.

— ער לאַכט פון דער וועלט.

— ער מעג לאַכן...

אַזוי האָבן געסודעט זיך און איבערגעוואונקען אַ רײַ געסט. און זייערע רייד זענען זיך צעגאַנגען צווישן עולם ווי די הנאה־מורמלענישן פון דער קאַץ.

און, ווען דער לעצטער רעדנער האָט פאַרלאָזט דעם באַגריס־שטול, האָט דער בעל־היובל זיך אַנטשולדיקט. ער איז געגאַנגען לייגן די קאַץ.

די קעלנערס, די סערוויר־מיידלעך און די עלעגאַנטע הויזפרוי האָבן דערלאַנגט כיבוד.

ער איז גיך צוריקגעקומען און געשטעלט זיך פאַרן מיקראָפאָן. ער האָט געדאַנקט פאַר די באַגריסונגען. און גע־זאָגט בהלצהדיק, אַז... די רעדעס האָבן מיד געמאַכט די קאַץ, זי איינגעשלעפערט. דערמיט געטון איר אַ גרויסע טובה, ווייל זי ליידט אויף שלאָפלאָזיקייט. ער מוז איר תמיד איינגע־בן אַ שלאָפמיטל, אַזוי ווי זיך אַליין... דאָס האָט ער זיין אַנגאָראַ צו פאַרדאַנקען זיינע דערפאָלגן פון די לעצטע פופצן יאָר. זי איז געווען זיין בעסטע עצה־געבערין. בעת די שלאָפלאָזע נעכט, טראָץ דעם שלאָפמיטל, פלעגט ער איר פאַרטרויען זיינע זאָרגן, זיינע שוועריקייטן, זיינע ספקות. און לויט דעם ציטער פון איר רוקן, לויט דעם פינקלבליץ אין אירע אויגן און דעם טאָן פון איר געמורמל — האָט ער געוווּסט צי דאַרף ער וואָגן אַ באַשטימטע אינוועסטיציע, צי דאַרף ער אונטערנעמען אַזעלכע אָדער אַנדערע שריט, צי דאַרף ער שפענדן סומעס אויף אַזאַ אָדער אַנדערן צוועק, פאַר אַזאַ אָדער אַנדערע אינסטיטוציע... ער האָט קיין מאָל גאָר נישט באַשלאָסן, די לעצטע יאָרן, אָן איר. ער האָט זיך באַראָטן מיט זיינע עקספערטן און געלערנטע ראַטגעבערס,

און דעם באַשלוס געלאָזט פאַר דער קאַץ בעת די וואַכע נאַכט־שעהען... דעריבער איז זיין אַנגאָראַ אַזאַ מיוחסדיקער גאַסט היינט אָוונט,ביים רעזומירן זיין לעבן... און, אין איר נאָמען און אין זיינעם — האָט ער פאַרענדיקט — אַ האַרציקער דאַנק דערפאַר וואָס די קאַץ וועט זיך די נאַכט קאָנען רעכט אויסשלאָפן, נאָך אַזוי פיל יאָרן, און דאָס אָן שלאָפּמיטל...

ווען מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער איז ער פּלוצעם אַוועק פון דער וועלט, איז קוים געווען אַ מנין מלווים, אַריינרעכענדיק די קאַץ.

און, ווען צו די שלושים איז געקומען די משפּחה צום קבר, האָבן זיי געפונען די קאַץ אַ שלאָפנדיקע און אירע געדיכטע פעלהאָר האָט געצערטלט דער גינגאָלד פון דער אַנגעגליטער מיטאָגזון.

# א טרעמפּ

ער איז מיד. ער איז שלעפעריק. פון גיין. פון זון. פון טראָגן אַ שווערן רוקזאַק. פון וואַרטן.

עס אַרט זיי נישט, די פאַרבייפאָרערס, וואָס אַ מענטש וואַרט שעהען, אויף אַ וויסט גליזוניקן וועג, די האַנט אין דער הייך, און בעט אַ טרעמפּ.

מ׳האָט אים געוואָרנט, ער זאָל נישט נעמען דעם וועג דורכן ירדן־טאָל, צווישן זאַמדן, ווירבל־ווינטן, דיונעס, נאַ־קעטע מידבר־שטחים און לויערנדיקע שאָטנס פון שנאה. דער וועג, די זאַמדן, די מידבר־ווינטן, די זוניקע נאַקעטקייט און די פאַרבלענדשאָטנס מאַכן מענטשן שלעכט. ער האָט צופעליק געהאָט אַ טרעמפּ, אין טבריה, צו אַ קיבוץ אויף האַלב וועגס קיין ירושלים. האָט ער געטראַכט: האַלב וועגס — האַלב שלעכט; וואָס נענטער צו ירושלים אַלץ בעסערע מענטשן.

ער האָט פּלוצעם דערפילט אַ ווייטיק און אַ דרענגעניש אין בויך. אַפּענדיציט? איז אים באַפאַלן אַ פּחד. אַן אַפּענ־דיציט אין מיטן מידבר?!

ער האָט אַראָפּגעצויגן זיין העמד און אויפגעשריבן פון פאָרנט און פון הינטן, מיט גרויסע אותיות: ראַטעוועט. אַפּענדיציט. שפּיטאָל. גיך! און צוריק אַרויפגעצויגן דאָס העמד, געוויקלט זיך אין ווייען.

אויטאָס זענען פאַרבייגעפאָרן. טייל האָבן פאַרלאַנג־זאַמט. און תיכף צוגעאיילט: מיר קענען זיך אויף די הכמות!

געוואַלד! זענען מענטשן טאַקע אַזעלכע אכזרים, אַזעלכע מאָנסטערס, אויך אויף האַלב וועגס קיין ירושלים?

הוראַ. הור־ראַ־אַאַ!

אַן אויטאָ שטעלט זיך אָפּ. דער שאָפער רייצט זיך מיט אים. ער נעמט נאָר טרעמפּיסטינס. ער האָט נעכטן אויפגענומען צוויי פרויען. האָט ער זיי באַרויבט און אַרויסגעוואָרפן פאַרנדיק. צוויי מיידלעך האָט ער אויפגענומען היינט פאַר טאָגס. האָט ער זיי פאַרפירט אויף אַ זייטיקן וועג, פאַרגוואַלדיקט און באַגראָבן אונטער דיונעס. נקמה איז זיס. דאָס צאָלט ער אָפּ דער רויטהאָריקער מיידל... זי איז געלעגן, ווי ער איצט. איר אויטאָ איז קאַליע געוואָרן אונטער וועגס. פאָרט זי מיט טרעמפּס. זי מוז דרינגנדיק פאָרן קיין ירושלים... האָט ער זיך מרחם געווען... האָט זי אים באַרויבט, די רויטהאָריקע. אים אַרויסגעוואָרפן פון לויפנדיקן אויטאָ, און געפאָרן ווייטער... ער קומט איצט צוריק גראָד פון יענער וועלט, אַ יענע־וועלטיקער שאָטן. און זוכט די רויטהאָריקע. דערווייל נעמט ער נקמה אין טרעמפּיסטינס...

נאָך אַן אויטאָ. אַ פרוי עפנט די טיר. זי רופט אים אַריין. דער קאָפּ ביי איר — רויט. רויט, ווי פייער פון יענער וועלט... יאָ, די רויטהאָריקע! זי ציט אים ביים אָרעם.

— ניין, וועסט מיך באַרויבן און אַרויסוואַרפן אין מיטן פאָרן ווי יענעם שאָפער.

— נישט אַרויסוואַרפן. יענער האָט מיך געוואָלט פאַרגוואַלדיקן, זיך געאַמפּערט מיט מיר. האָב איך אים געגעבן אַ טויטקלאַפּ. איך האָב זיך נאָר געוועהרט. נישט מער.

— ניט מער?

— נישט מער!

אַ מיליטערישער פּאַטראָל־אויטאָ, וואָס איז פאַרביי־געפאָרן מיט רעש פון ווילדיקע צײַנרעדער, האָט אים אָפּגעפירט אין שפּיטאָל, ביים אַריינפאָר קיין ירושלים.

## צו שטאַרקע רעפלעקסן

ער איז אַריין אין וואַלד. און הערט ווי ביימער רעדן צווישן זיך.

עס איז גוט צו הערן דאָס גערייד פון ביימער און רעדן צו זיי.

און אָט — אַ װעװעריק. ער שטייט אויף צוויי פיסלעך און קנאַקט ניסלעך, מורמלט אונטער מיט הנאה. נאָר אין וואַלד קאָן מען עסן מיט אַזאַ הנאה. אָפּגעגעסן, נעמט ער לויפן, שפּרינגען, זוכן וואַסער. ניסלעך טריקענען אויס דעם האַלדז.

ער לויפט נאָך. בלייבט שטיין ביי אַ באַרגטייך. און אין טייך — איינער אַזאַ הויכער, אַזאַ ריזיקער, אַזאַ עלאַסטיש־צעצוויגענער ווי אַ גומי־גולם. איז ער אַרויף אויף אים. געלאָזט זיך רייטן דורך די שטראָמלעך, וואַסער־שנירלעך, צווישן פעלדזן, שטיינער, צעבלאָזענע שוים־לעמפּלעך און שדימלעך — אַראָפּ, אַראָפּ, ביז צום מילראָד, וואָס צופוסנס פון באַרג. פאַרפלאָנטערט צווישן די שעפּטרעפּן פון דרייראָד, גיט ער אַ פלי אין דער לופטן, ווי אַ פייל פון אַ בויגן, און בלייבט ליגן אויפן ברעג.

דאָ ליגט ער, אָדער יענער פון באַרגטייך? ווו איז ער? און ווו איז יענער? ווער איז ער און ווער איז יענער? ווער איז וואַלד, ווער איז וועוועריק, ווער איז טייך, ווער איז מילראָד? און — די ניסעלער, וואָס טריקענען אין האַלדז?

און ווער איז דער מענטש אין ווייסן כאַלאַט מיטן שפּיל-העמערל אין האַנט און קלאַפּט און קלאַפּט אין די שפּרינג-געלענקען ?

"צו שטאַרקע רעפלעקסן" — זאָגט דער מענטש מיטן קלאַפּ-העמערל.

"מ'דאַרף נעמען דאָס לעבן ווי עס גייט, ווי עס לויפט" — גיט ער צו.

"צו שטאַרקע רעפלעקסן מאַכן די וועלט נאָך שטורעמ-דיקער, נאָך קאָמפּליצירטער ווי זי איז" — פירט אויס דער מענטש אין ווייסן כאַלאַט.

ער רייסט זיך אויף פון בעט, כאַפּט אַרויס דאָס העמערל, וואַרפט עס אַרויס דורכן פענצטער צוזאַמען מיט די צו שטאַרקע רעפלעקסן, און לאָזט זיך לויפן צוריק צו די ביימער, צוריק אין וואַלד.

# גרויסע אויגן

ער לעבט אין זכות פון קאַרטיסאָן. ווען נישט דאָס דאָזיקע מיטל, וואָלט ער פון לאַנג שוין נישט געווען.

איז ער נישט אַליין. ער איז ער פּלוס קאַרטיסאָן. פּלוס רעוואָלוציע אין זיין געבלוט און קאַרטיסאָן־געשענקטע יאָרן.

לעבט ער אין דעם זכות און אין שאָטן פון שרעק: אפשר וועט מיט דער צייט דאָס וווּנדער־מיטל פאַרלירן די שליטה איבערן בלוט־סיסטעם, און דעמאָלט וועט ער נישט זיין מער. אויס!

אָבער שרעק, וואָס דויערט לאַנגע יאָרן, ווערט אויס שרעק. נאָר אין אָנהייב האָט שרעק גרויסע אויגן. דערנאָך פאַרלירט זי איין אויג. שפּעטער ווערט דאָס צווייטע פאַר־צויגן מיט אַ קאַטאַראַקטע, וואָס מ׳וויל מיט כוונה נישט אָפּערירן.

צינדט אָן שרעק־אָן־אויגן אַ פיר־ליכטל אונטערן שאַרבן: ביז קאַרטיסאָן וועט אויפהערן ווירקן, וועט מען מסתמא אויסגעפינען אַ ניי מיטל, וואָס וועט מיט דערפאָלג פאַרנעמען זיין אָרט. נישט מסתמא, נאָר זיכער. און די דאָזיקע זיכער־קייט איז אַ זיכערקייט מיט גרויסע אויגן.

# דער בוים

מיין טיש, אויף וועלכן איך שרייב, האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ בוים. אַ בוים, פֿון וועלכן ער איז געמאַכט געוואָרן.

און אַוועקגעשטעלט האָט ער זיך אין מיין גאָרטן מיט די וואָרצלען אַרויף און מיטן געצווייג אַראָפּ. ווי פֿיל וואָרצלען אַרויף, אַזוי פֿיל צווייגן אַראָפּ. וואַקסן די וואָרצלען צום הימל, ציִען זיך ווי צווייגן אַרויף צו. און די צווייגן ? די צווייגן ווילן נישט אַריינוואַקסן אין דער ערד. ווילן נישט בליִען אין דע. ' ערד אַריין.

שטרעקן די וואָרצלען זייערע הענט צו די הייכן, זוכן אַן אָנהאַלט אין הימל, אין די וואָלקנס. און די צווייגן ? די צווייגן ווילן נישט אַריינוואַקסן אין דער ערד. ווילן נישט בליִען אין דער ערד אַריין.

האָט אַ וואָלקן, ווי אַ פֿאַדקאָווע, דערלאַנגט זיינע אָרעמס צו די וואָרצלען, צו וויקלען זיך אַרום זיי, דראַפּען זיך אַרויף צו, ציִען זיך אַרויף צו.

האָב איך אָנגעהאָנגען מיין חלום, ווי אַ מאַגנעט, אין די צווייגן, און גענומען ציִען אַראָפּ צו, צוריקציִען אַראָפּ צו.

שוועבט איצט דער בוים אין דער ברייט, זוכט אַ טישלער־זעג, ווו זיך אַוועקצולייגן, און ווידער ווערן געהילץ, ווידער ווערן שרייבטיש.

# אימבראגליא

גידי האָט ליב זײַן שוועסטער גילי.

אולי האָט נישט ליב זײַן שוועסטער שולי, אָבער ער האָט ליב גילי.

זאָגט גידי: האָסט נישט ליב דײַן אײגענע שוועסטער, וועסטו ליב האָבן מײַנע?

— אַזוי ווי כ׳האָב נישט ליב מײַן שוועסטער, איז אין מײַן האַרץ פֿאַראַן מער אָרט פֿאַר ליבע.

— איך האָב ליב מײַן שוועסטער און דאָך האָב איך אָרט פֿאַר נאָך ליבע.

— וואָלסט געקאָנט ליבן מײַן שוועסטער אויך?

— וואָס פֿאַר אַ פֿראַגע?!

— טאָ לאָמיר זיך טוישן מיט די שוועסטערס.

שולי האָט ליב איר ברודער אולי.

גילי האָט נישט ליב איר ברודער גידי, אָבער זי האָט ליב אולי.

זאָגט שולי: האָסט נישט ליב דײַן אײגענעם ברודער, וועסטו ליב האָבן מײַנעם?

— אַזוי ווי כ׳האָב נישט ליב מײַן ברודער, איז אין מײַן האַרץ פֿאַראַן מער אָרט פֿאַר ליבע.

— איך האָב ליב מײַן ברודער און דאָך האָב איך אָרט פֿאַר נאָך ליבע.

— וואָלסט געקאָנט ליבן מײַן ברודער אויך?

— וואָס פֿאַר אַ פֿראַגע?!

— טאָ לאָמיר זיך טוישן מיט די ברידער.

## פרימיטיוו

ער האָט געהייסן אַלטער יונג.

ווען ער האָט גענומען אַרויסגיין מיט אַ יונג מיידל, האָט מען געזאָגט: — עס פּאַסט נישט. ער הייסט אַלטער. מסתמא איז ער אַזוי ווי זיין נאָמען.

ווען מ׳האָט אים געזען מיט אַ פאַרזעסן מיידל, האָט מען געזאָגט: — עס פּאַסט נישט. ער איז יונג, ווי זיין נאָמען.

און אין דער געזעלשאַפט האָט מען געזאָגט: — ממה־נפשך. אַהין אָדער אַהער. אַלט אָדער יונג? אויב ביידע צוזאַמען איז פאַרדעכטיק. פאַראַן אַ הינטער־כוונה...

האָט ער געביטן זיין נאָמען.

ער האָט געהאַט אַ פעטער, אַ חכם, האָט ער געהייסן צמח. און אַן אָקס האָבן זיי געהאַט ביי זיך אין דאָרף, זענען אַלע קי פון דער געגנט אויסגעגאַנגען פאַר אים. האָט ער זיך אַ נאָמען געגעבן — צמח אָקס.

האָבן די ערשטע געזאָגט: — צמח איז אַ פלאַנץ.

האָבן געזאָגט די צווייטע: — איז ער אַן אָקס דאַרף ער עסן גראָז.

און די געזעלשאַפט האָט געזאָגט: — כשמו כן הוא.

האָט ער צוריקגענומען זיין אמתדיקן נאָמען.

האָט מען געטייטלט אויף אים מיט אַ פינגער און געזאָגט:

— ער איז פרימיטיוו.

האָט ער אָנגענומען אַ פול מויל מיט גראָז און געשוויגן.

האָט דער אָקס געזאָגט: — צווישן אָקסן דאַרף מען זיין אַן אָקס.

און דער פעטער צמח: — צווישן פרימאַטן דאַרף מען זיין פרימיטיוו.

# די קרא

אַ קראָ האָט אַ שוועב געטון פאַרן פענצטער און געוואָרפן אַ שאָטן אויף די ערשטע רגעס פון זיין זוניק־צעשמייכלטן פרימאָרגן; געוואָרפן אַ שאָטן אויפן האָפערדיקן אָנזאָג פון אַ זוניק־צעשמייכלטן טאָג.

— פאַר וואָס, פויגל פון דער נאַכט?

— פאַר וואָס מוז איך טראָגן נאַכט אין מיינע פעדערן פיר און צוואָנציק שעה אין מעת־לעת, און נישט צעהעלן זיי מיט שטראַלנדיקע רגעס פון דיין זוניק־צעשמייכלטן פרימאָרגן; נישט צעהעלן זיי מיטן האָפערדיקן אָנזאָג פון דיין זוניק־צעשמייכלטן טאָג? אויך איך בין אָבערגלייביק, ווי דו, פליגללאָזער פויגל פונעם טאָג!

## קעניג און פישער

פיש זענען געשוואומען נאָענט פון ברעג, ווי אינעם משל פון רבי עקיבא פאַר פאַפּוסן. אָבער אויפן אָרט פון פוקס, איז געגאַנגען ביים ברעג דער אַלמעכטיקער קעניג. און גערוכט האָט זיך אים, אַז די פיש שפּעטן אָפּ פון אים. און איין פיש, מיט אַרויסגעזעצטע אויגן און אָנגעשפּיצטע וואָנ־צעס, טרייבט גאָר חוזק פון אים.

האָט ער געטראַכט: ווי גוט וואָלט געווען, ווען דער פיש געפינט זיך ביי אים אויפן טעלער צום מיטאָג. און דערמאָנט האָט ער זיך, אַז פאַראַן אין תפיסה דער בעסטער פון זיינע פישערס, וואָס האָט אים אַנומלט צוגעשטעלט נישט קיין פרישע פיש. האָט ער אים געהייסן רופן און געזאָגט צו אים: — ברענג מיר דעם דאָזיקן פיש, און איך וועל דיר געבן די פרייהייט. די פרייהייט וועל איך דיר צוריקגעבן דערפאַר.

האָט דער בעסטער צווישן די פישערס געלאָזט זיך שווימען. און געשוואומען און געשוואומען ביז צו דער צווייטער זייט פון וואַסער, וווּ געווען איז די גרענעץ פון אַן אַנדערער מדינה.

— איך וויל נישט דער אַלמעכטיקער קעניג זאָל מיר געבן פרייהייט, זאָל מיר צוריקגעבן פרייהייט... פרייהייט דאַרף מען אַליין נעמען, אַליין צוריקנעמען — האָט ער געזאָגט, שטייענדיק אויף יענעם ברעג מיט אַ פויסט אין דער לופטן און מיט אַ פּנים, ווי יענער פיש.

# אלעגאריש

אהרון, ירון און שרון זענען דריי חברים.

דער ערשטער איז פון שבט אהרון. דער צווייטער פון שבט ירון און דער דריטער — פון שבט שרון.

און ליב געהאט האבן זיי דאס זעלבע מיידל, ארנונה פון שבט ארנון.

ווען אהרון האט געזען ירונען מיט ארנונהן ארומגע־ ארעמט, האט ער געפרעגט: — ווי קומט א ירונער גיין געארעמט מיט אן ארנונערין? היתכן?

ווען ירון האט געזען אהרונען ארומהאלדזן ארנונהן, האט ער געפרעגט: — ווי קומט אן אהרונער גיין געהאלדזט מיט אן ארנונערין? היתכן?

ווען אהרון און ירון האבן געזען שרונען זיך ארומקושן מיט ארנונהן, האבן זיי געפרעגט: — ווי קומט א שרונער זיך ארומקושן מיט אן ארנונערין? היתכן?

און שרון: — און ארומארעמען. און ארומהאלדזן? היתכן?

האבן אלע דריי געפרעגט: — וואס וועט זיין דער תכלית, וואס?

האט זי נישט לאנג געטראכט און געענטפערט: — ארומארעמען זיך וועל איך מיט ירונען. ארומהאלדזן — מיט אהרונען. ארומקושן — מיט שרונען. און תכלית, חתונה האבן וועל איך מיט ארנונען, פון די ארנונער.

## פאלק

הענרי דער אַכטער האָט געזאָגט: ״איך וויל פּעטע פּרויען. מיין פאָלק וועט האָבן הנאה, ווען כ׳וועל האָבן פּעטע פּרויען״.

לואי דער פערצנטער האָט געזאָגט: ״דאָס פאָלק דאָס בין איך״ — און אויסגעקליבן מאָגערע קורטיזאַנעס.

אַנדרע זשיד און זשאַן קאָקטאָ האָבן נישט געוואָלט אַריינמישן דאָס פאָלק, און אויסגעקליבן מענער, ווי ביישלע־פערס.

דאָס פאָלק, ווי דאָס וואָרט ביי ניטשען, איז ווי אַ טאַש, אין וועלכער מ׳קאָן אַריינלייגן וואָס מען וויל נאָר.

## דאס איילבערט-צווייגל

דער שייך סעיד מאַחמוד פאַרכאַן האָט מיר אָוועקגעגעבן זיין שטעקן ביים פאַרלאָזן דעם קור־אַנשטאַלט.

— נעמט אים במתנה, יאַ חביבי — האָט ער געזאָגט.

— געקומען אַ הינקענדיקער, אַנגעשפּאַרט אויפן שטעקן, און אַט דאַרף איך נישט מער זיין הילף.

— דער רעזולטאַט איז פאַר מיר די בעסטע מתנה, — האָב איך געענטפערט.

— דאָס איז נישט סתם אַ שטעקן — האָט ער אונטער־געשטראָכן. — ער איז אויסגעשניצט פון אַן איילבערטבוים, פון איין שטיק.

— איך וואָלט זיך באַפרידיקט מיט אַן איילבערט־צווייגל, אַ יונג אַליוון־צווייגל מיט גרינע בלעטער.

— דאָס איז אַ שטעקן פון מיינע איילבערט־גערטנער. וואָכן לאַנגע האָבן מיינע אַרבעטער געזוכט אַ פּאַסיקן בוים דערצו. ער איז מסתמא דער איינציקער שטעקן פון דעם מין.

— אַן איילבערט־צווייגל וואָלט מיר זיכער געווען נאָענטער צום האַרצן, און מער סימבאָליש, שייך סעיד.

— אַן אַראַבער ווייסט ווי צו זיין דאַנקבאַר צו זיינע וווילטוערס — האָט ער געזאָגט, ווי ער וואָלט רעציטירט אַ הייליקן פּסוק, און איז אַרויס, באַמיענדיק זיך צו האַלטן גראָד און זיכער, ווי צו באַשטעטיקן דעם גוטן רעזולטאַט פון דער קור־באַהאַנדלונג.

צו מאָרגנס האָט מיר זיין שאָפער געבראַכט אַ פּעסל איילבערטן, ווי אַ צוגאָב־מתנה פון זיין האַר. אויפן פּעסל איז געווען מיט גרויסע אותיות אָנגעגעבן דעם שייכס פירמע פון הורט־האַנדל מיט איילבערטן, פון שכם.

שטייען אין אַווינקל דאָס פּעסל און דער שטעקן, און אויבנאָן אויפן טיש — חלומט מיין קרישטאָל־וואַזאָן דעם חלום פון גרינעם איילבערט־צווייגל.

# די שטייג

און געבליבן זענען אים נישט מער ווי דריי פריינד — אַ זינגפויגל, אַ סאָווע און אַ מאַלפּע.

האָט די מאַלפּע געפרעגט: ״זאָג מיר, זינגפויגל, פאַר וואָס זיצט דו אין שטייג פאַרמאַכט? צוליב וועלכע זינד?״.

״דאָס איז דערפאַר וואָס איך זינג שיין און מיין געזאַנג דערמאָנט אים זיין יוגנט און דאָס שיינע אינעם לעבן״.

״און דו, נאַכטפויגל, מיט די טאַשן אונטער די טרויער־אויגן דיינע, פאַר וואָס ביסט דו אין שטייג?״.

״דאָס דערמאָן איך אים זיין לעבן ווי אַ נאַכטפויגל, אַ לעבן פון זינד, זנות און קאַסינאָס״.

״און דו, מאַלפּע, פאַר וואָס ביסט דו אין שטייג?״ — האָבן ביידע פייגל געפרעגט צוזאַמען.

״איך דערמאָן אים די נאַיווקייט, פּרימיטיווקייט און טעמפּקייט פון מענטשן, וועלכע ער האָט אויסגענוצט דאָס גאַנצע לעבן, און האָט זיי געפירט ביי דער נאָז אַ דאַנק זיין געלט״.

האָבן זיי זיך צונויפגערעדט און באַשלאָסן צו פאַר־סטרייקן.

ווען דער מענטש האָט געזען ווי דער זינגפויגל זיצט אין אַ ווינקל אָנגעבלאָזן און שווייגט; די סאָווע שטייט אַ ברוגזע מיטן רוקן צו אים; און די מאַלפּע האָט אָנגענומען אַ פּנים פון אַ מענטש, ערנסט, פאַרטראַכט און טראָציק — האָט ער זיך דערצערנט, געעפנט די שטייגן, אַרויסגעלאָזן די פייגל, און איז אַריין אין דער שטייג אויפן אָרט פון דער מאַלפּע.

# אין קאַקטוס-גאָרטן

הונדערטער קאַקטוסן צונויפגעזאַמלט, צונויפגעדריקט אויף אַן ענגן שטח — ברייטער ווי לאַנג. און אַרום — אַ נאַטירלעכע צוים פון קלעטער-קאַקטוסן מיט קאַרליק-לאַפּן, מיט שטעכערס אַרויס צו. קאַקטוס-קאַרליקעס, איינער אויפן צווייטן, איינער פאַרפלאָנטערט אין צווייטן, מיט נאָדל-נעגל אַרויס, היטן געהאָדעוועטע יִחוס-פלאַנצן פון זייער גזע.

עס האָדעוועט זיי דוב-בעריש, פון די ערשטע חברים אינעם קיבוץ. ער האָט אויף זיין לינקן אָרעם אַ נומער, וואָס הייבט זיך אָן און ענדיקט זיך שפּיציק, מיט אַן איינס. און אַ קאָפּ ווילדע האָר האָט ער, מיט אַ באָרד — ווי אַ שטעכער-געפּלאָנטער. עס איז אָפּט שווער צו וויסן, ווען ער איז אין גאָרטן, צי געהערט זיין קאָפּ צו אים, צי צו אַ קאַקטוס-געקנויל. ער האָט זיין לעבן צו פאַרדאַנקען אַ באַטאַנישן עקספּערימענט-גאָרטן פון קאַקטוסן, ווו ער האָט זיך אויס-באַהאַלטן, נאָכן אַנטרינען פון לאַגער. מען האָט אים נישט געזוכט אינעם פאַרוואָרלאָזטן, צעבאָמבאַרדירטן וואַרעמהויז, צווישן די חרובע ספּעקטן, די הפקרדיק צעווילדעוועטע מערדער-שטעכערס.

פון דאָרטן האָט ער שפּעטער געבראַכט זאָמען, שפּראָצן, פלאַנצן. זיי פאַרזייט, פאַרזעצט אין דער גוטער, זוניקער קיבוץ-ערד. געפּלעגט, איבערגעפּלאַנצט, אונטערגעשטעלט אָנהאַלט-קלעצער און דרענגער, געשיצט פון קעלטן בעת ווינטערנעכט און פון זונבראַנד בעת כאַמסין-טעג, באַוואָ-

סערט און באַזייטיקט פּאַראַזיט־געוויקסן, געקרייטעכץ, ווילד־פּלייש־אַנוווּנסן.

נישט וויניק געלט האָט ער אַריינגעבראַכט, בעת די שווערע קיבוץ־יאָרן, אין דער לעבצנגדיקער קאַסע, פון די כל־מיניקע קאַקטוס־פּלאַנצן אין ערדענע טעפּ, הילצערנע קאַסטנס, קעראַמישע אָרנאַמענט־כלים צו באַצירן באַל־קאָנעז, טעראַסעס, פּראַמוגעס, ווילעס, קאָרידאָרן, ליידיקע שטובן פון עלנטע מענטשן, מצבות.

זייט דער קיבוץ האָט גענומען פּראָספּערירן, הענט צו דער אַרבעט האָבן אויסגעפּעלט און זעלטענער זענען געוואָרן די אַמאַטאָרן פון קאַקטוס־דעקאָראַציעס — איז דוב־בעריש געגאַנגען אַרבעטן אין פּרדס, אין באַנאַנע־פעלד.

און געהאָט וויניק צייט פאַר די קאַקטוסן.

און מיט די יאָרן — וויניקער כוח פאַר צוגאָב־אַרבעט.

האָט געווייטיקט זיין האַרץ, פון אַן אַלטן בחור, וואָס זיינע קאַקטוסן וואַקסן אומגעצוימט, בייגן זיך, הויקערן זיך, פאַרקריכן איינער אויפן צווייטן, נעמען זיך אַרום גולמדיק, פּלאָנטערן זיך אומגעלומפּערט, פאַרוויקלען זיך מיט די שטאַ־מען, מיט די בלינדע אָרעמס, מיט לאַפּן־אויערן און דערנער־שטעכערס.

ווידמעט ער אָפּגעשפּאַרטע צייט און כוחות די באַלעמ־דיקע קאַקטוס־קעפּ, וואָס וואַקסן מאַיעסטעטיש, ווי אויף אַ טראָן, קוים אָפּגעהויבן פון דער ערד. זיי וואַקסן האַרמאָניש, גאָר נישט לויט דער טבע פון הפקר פון קאַקטוס־מין. פיין פאַרמיקע, קשטאַלטנע קיילעכס, מיט קאַנטן און ריוון סימעט־רישע, און דיינקע נעדעלער, געאָמעטריש פונאַנדער־געטיילטע, אין מלכות פון פאַרזעענישן און קריפּל־באַשעפע־נישן.

זיי וועט ער קיין מאָל נישט פאַרלאָזן, נישט פאַרגעסן, ביז אַלע כוחות וועלן אַוועק. זיי האָבן אים דאָרטן, דעמאָלט, פון הונגער־טויט געראַטעוועט. זייער ביטער־ברענענדיקער טעם איז געווען זיס צו זיין צעוווּנדיקטן גומען און זעטנדיק צו זיין פאַרקרעמפּטן מאָגן.

וואַקסן דאָ און דאָרט די מיוחסדיקע קאַקטוס־קײלעכס און זאָגן עדות, אַז נאָך איז דאָ אַ האַנט, וואָס צאָלט אָפּ, אַן אויג, וואָס וואַכט און אַ זכרון פאַראַן, וואָס לאָזט נישט פאַרגעסן.

ליגט ער מיטן קאָפּ צווישן צוויי שכנותדיקע קײלעכס און זיינע הענט אַרום זיי.

ער איז היינט נישט ביי דער אַרבעט.
דעם טאָג אין ער באַפרייט געוואָרן.
מיטאָגצייט זענען זיי געקומען די באַפרייערס.

אַ בלום, וואָס האָט פּלוצעם אַרויסגעשפּראָצט איבער זיין קאָפּ און זיך צעבליט אויפן שפּיץ פון אַ קניענדיקן קאַקטוס־צווייג — האָט זיי געבראַכט.

אַ פויגל, גרין־געל־און־בלאָ, צעזונגען און צעשפּילט — האָט זיי געבראַכט.

אַזוי לאַנג האָבן זיינע אויגן דאָ קיין בלום נישט געזען און קיין פויגל נישט געזען, נישט געהערט! אַלץ איז געווען דאָ בלינד, טויב און שוואַרץ. פּלוצעם — אַ בלום. פּלוצעם — אַ פויגל. פאַרביקע בלום־בלעטלעך, פאַרביקע פעדערן. פּלוצעם — געזאַנג!

צעשטראָמען זיך זיינע פאַרגליווערטע בלוטן, צעשפּאַנען זיך זיינע אָפּגענומענע גלידער, פייערבייטשן צערייסן די נאַכט אונטערן שאַרבן און טרייבן פונעם אָרט.

צוזאַמען מיטן גלי פון מיטאָג־שטראַלן, האָבן זיי אים געפונען ליגן, די באַפרייערס, אין מיטן וועג, דעם וועג פון באַפרייערס.

מיטאָגצייט.

גלי פון מיטאָג־שטראַלן.

אַ בלום האָט פּלוצעם אַרויסגעשפּראָצט איבער זיין קאָפּ און זיך צעבליט. פייגל, פיל־פאַרביקע, פליִען נידעריק, צעזונגענע און צעשפּילטע, צעזונגענע און צעשפּילטע.

און ער ליגט מיטן קאָפּ צווישן צוויי שכנותדיקע קיילעכס און זיינע הענט אַרום זיי.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט. אַרויס גיך פון קאַקטוס־גאָרטן. און געלאָפן נאָך גיכער אין פּרדס, וואָס לעבצט נאָך אַרבעטסהענט.

# מעוועס און שוואַנען

— פאַר וואָס זענען נישטאָ קיין שוואַנען אויפן כינרת?

— צי וואָלט דער כינרת געוווּנען דערויף?

— די אַפּרו־געסט, די כינרת־פאַרליבטע — אָן ספק!

— פאַראַן דאָך מעוועס...

— וואָס פאַר אַ לעסטערונג — איבעררייסט דער ייד, אויף אַפּרו ביים כינרת־ברעג.

— זענען זיי נישט אַ מין שוואַנעלער, נאָר מיט פליגל צום פליִען, שנאָבלען צום קראַקען און אַקראָבאַטישע קונצן צו פאַרטרייבן לאַנגווייל, האַ?

— איך האָב זיי געהאַט גאַנצע מחנות ביים באַלטיק־ברעג, געדיכט נעבן לאַגער. האָבן זייערע פליגל פאַרשאָטנט די זון, זייער קראַקען האָט געזייט גרויל, און זייערע גיריקע אויגן האָבן אויפגעזוכט, נעבן דער קיך, אין מיסטקאַסטן, דעם קלענסטן אָפּפאַל־ברעקל... זיי זענען געווען געשיקטער פון אונדז, און פריי...

ער האָט שווער געאָטעמט. זיינע אויגן זענען פאַרלאָפן מיט אַ נעפל.

— איך האָב נאָר געטראַכט איינס — האָט ער זיך געגומען שאָקלען אין זיין וויגשטול — כאַפּ איך אַזאַ פויגל, קאָך איך אים אָפּ אין געהיים, און עס אים אויף מיט די ביינער, מיט די פעדערן... האָב איך זיך אַרויסגעכאַפּט אין אַ פינצטערער נאַכט, אַ שליידער געטון אַ שאַרפן שטיין אין אַ סטאַדע שלאָפנדיקע מעוועס... האָט מיך אַ דייטש גע־

כאַפּט. אָפּגעפּינצטערט דערפאַר אין אַ נאַסן און קאַלטן קעלער...

איך האָב אָפּגעזופצט.

ער נאָך טיפער.

— זייט דעמאָלט וואַרפן מעווטס אָן אויף מיר אַ גרויל. זע איך זיי, ווילט זיך מיר שליידערן אין זיי שטיינער... אָבער — שוואַנען...

— אָבער שוואַנען? — בין איך געווען נייגעריק.

— נאָך דעם באַפרייען, האָט מיך דער "דזשאָינט", מיט אַ גרופּע האַלב-טויטע ניצולים, געשיקט אין אַ קעסטהויז ביים געגפער אָזיערע. זענען דאָרטן געווען שוואַנען... בין איך שעהען לאַנגע געזעסן ביים ברעג, זיי געקאָרמעט, און געקוקט, זיך פאַרקוקט. זיך ממש פאַרליבט אין זיי. איך האָב שוין געהאַט פאַרגעסן וואָס איז אַזוינס ליבע. אַז מ׳קאָן זיך צובינדן צו אַ לעבעדיקע באַשעפעניש. נישט געקאָנט זיך אָפּרייסן פון זיי. איך האָב זיך פאַרליבט אין זייער מאַיעסטעטישן האַלטן זיך איבער די כוואַליעס און שלווהדיקן וויגן זיך ווי אין באַשטענדיקן געבעט... און זיי שווימען נאָענט צום ברעג און קוקן דיר אין די אויגן, ווי זיי וואָלטן דיך פאַרשטאַנען... און געווען אַ פּאַרפאַלק, וואָס איז געקומען אויסבריִען די אייער, אויף אַ בערגל, ווייט פון כוואַליעס, עטלעכע שפּאַן פון דאַ. ווען זי איז געזעסן אין נעסט, איז ער געשווומען אַרום און געווען אויף דער וואַך. איז ער געזעסן, איז זי געווען אויף דער וואַך. און ווען די זון האָט געבריט און געוואַרעמט די נעסט-אייער, האָבן זיךביידע דערווייטערט אַ ווייל זוכן פישלעך, ווערעמלעך, אַלגען — דעמאָלט האָב איך געוואַכט, געהיטן פון קונדסישע שטיק, פון אַ בייז אויג... געדאַרפט זען ביי זיי די פרייד-טרערן, ווען עס האָט זיך אויסגעפּיקט אַ ברעקל עופהלע. און אַ צווייטעס.

און אַ דריטעס!... און ווי טאַטע־מאַמע האָבן זיי געטראָגן אויף די רוקנס און געלערנט שווימען, אונטערגעשטופּט מיטן שנאָבל, מיט אַ פליגל; און געלערנט צעטרייבערן אַ פישל, כאַפּן אַ פישל, נידערן מיטן שנאָבל צום באָדעם און זוכן וואַסער־שלענגלער און גראָזן... געדאַרפט פילן ווי די שוואַנענפּאָר שעפּט נחת ווי יונגוואַרג נעמט צו כוחות, פאַר־לירט דעם שמוציק־ברוינעם אורפוך און באַדעקט זיך מיט שניי־ווייסע פעדערן, ווי גרויסע, און לאָזט זיך הפקר, ווייט פון ברעג אַוועק...

ער האָט איבערגעריסן. זיין ווינשטול האָט זיך נאָך מער צעשאָקלט און צעציטערט זיינע זילבן: — אַ דאַנק זיי, אַ דאַנק די שוואַנען, בין איך געקומען גיכער צו זיך... געזען, אַז שוואַנען קאָנען זיין מענטשן, אין דער צייט, ווען ערשט נישט לאַנג זענען מענטשן געווען דער היפוך. אַז פאַראַן ליבע צווישן לעבעדיקע באַשעפענישן. אַז נאָך איז פאַראַן ליבע... אַז מ'דאַרף זיך לערנען ביי שוואַנען... אָפט טראַכט איך, אַז איך בין געוואָרן אַליין אַ שוואַן... איך חלום, אַז איך בין אַ שוואַן, אַ שוואַן...

איך בין אַוועק אויף די שפּיץ פינגער. אים געלאָזן אינעם ווינשטול אויף דער טעראַסע פון האָטעל, ביים כינרת־ברעג. נישט געוואָלט איבעררייסן זיין חלום.

# פאלאנעז און פארטיזאנליד

אין דער ווילע פון דער באַנקיר־משפּחה, וואָס נעבן מיין דירה, רעפּעטירט שיבולת, די יִינגסטע טאָכטער, אירע פּיאַנאָ־לעקציעס.

איך האָב אָפּט געטראַכט אַריבערצוגיין און פּראָטעס־טירן, מחמת אירע פאַלשע טענער פון אַן אָנפאַנגערין שטערן מיר בעתן לייענען, שרייבן, אָדער רוען.

איך האָב אָבער נישט געוואַגט. איך האָב געפילט, אַז זי שפּאַנט פּאַרויס, אַז זי האָט טאַלאַנט. דערצו האָט זי בעתן שפּילן געהאַט אַ פּנים פון אַ מלאך און אַזאַ פאַרחלומט־ווייטן בליק און אירע לאַנגע האָר האָבן געשוועבט צום ריטעם פון אירע באַוועגונגען, ווי זוניקע זאַנגען אויפן ווינט. און געהאַט האָט זי אַזאַ עלאַסטיש־מעלאָדישן נאָמען: שיבולת, ש־שי־באָ־אָה־ל־לעט...

איר פּראָפעסאָרין, וואָס האָט פאַרענדיקט די מוזיק־אַקאַדעמיע איז ווארשע און באַקומען דעם ערשטן שאָפּען־פּרייז פון דער פּאַריזער קאָנסערוואַטאָריע, פלעגט קומען איין מאָל אין צוויי וואָכן, פון חיפה, איינשטודירן מיט איר שילערין קלאַסישע ווערק אויפן באַפליגלטן "גאַוואָ" און ביי דער ספּעציעלער אַקוסטיק פון רחבותדיקן סאַלאָן. איז זייער שפּילן געווען דער פּרייז פאַר מיינע צעשרויפטע נערוון און געצוימט רעאַגירן. איך בין געווען זיכער, אַז גאָר גיך וועט איר פּערפעקט שפּילן מיך פאַרטראָגן אין די הימלען.

אַריק, דער ייִנגסטער זון פון די שכנים, וואָס אַקעגנ־איבער, שפּילט אויף אַ פּלייט. ער האָט געירשנט די ליבע צו מוזיק פון זיין פאָטער, דעם חזן פון דער גרויסער אשכנזי־שער שול.

אַריק שפּילט נישט פון נאָטן, נאָר אַלץ וואָס זיין נשמה כאַפּט אויף, וואָס זיינע אויערן הערן, קענען זיינע ליפּן, קענען זיינע פינגער.

ער רעפּעטירט גייענדיק לענג־אויס דעם כינרת־ברעג, זיצנדיק אונטער אַ פּאַלמע־שירעם, מיטן פּנים צום וואַסער, ווי די כוואַליעס וואָלטן געטראָגן אויף זייערע רוקנס, פון די טיפענישן אַרויס, די טענער, וואָס זיין פאָטער האָט געבראַכט מיט זיך פון די געטאָס און לאַגערן, פון די פּאַרטיזאַן־וועל־דער. מיך האָט געצויגן זיין שפּילן ווי אַ נאָגנדיק־מאָנענדיקע בענקעניש, און פלעג צוהערן זיך צו אים, ווי די פייגל, וואָס האָבן געפּלאָטערט צום טאַקט איבער זיין קאָפּ, ווי די פיש, וואָס האָבן פּלוצעם אויפגעהערט שרעקן זיך פאַר די פישערנעצן.

היינט איז חנוכה. עס ברענען די ליכטלעך אין די שטובן מיט שטאָלץ, מיט ניסימדיקע בשורות. ביים שכן, אַקעגנאיבער, זינגט די משפּחה מעוז צור. און אַריק באַגלייט אויף זיין פּלייט.

אין דער דערנעבנדיקער ווילע שפּילט שיבולת שאָפּען. זי כישופט אויס סובלימע קלאַנגען פון מאַרטיר־ליידן, פון רעוואָלט. געוועז אין איר שפּילן נשמהדיק אַריינפילן זיך אין דער באַנייטער טראַגעדיע פון פּוילן, מיט וועלכער עס זענען פול די נייעס. עס וואָלט מסתמא נישט בעסער אינטערפּרע־טירט זיין פּאָלאָנעז דער געניאַלער קאָמפּאָזיטאָר אַליין, ווען ער לעבט היינט.

אַריק האָט אויפגעהערט שפּילן, ווי זיינע ליפּן און פינגער וואָלטן פּלוצים אָפּגענומען געוואָרן.

ווען זי האָט איבערגעריסן, האָט ער, ווי אַ רעפּליקע, אויפגעשפּילט דאָס פּאַרטיזאַנליד.

ווען ער האָט פאַרענדיקט — האָט זיך געהערט נאָך אַ פּאַלאָנעז, נישט ווייניקער בונטאַר, נישט ווייניקער פרייהייט־שאַלנדיק.

ווי אַ תשובה צו אַן אַרויסרוף, האָט זיך פּלוצעם געלאָזט הערן די הילכיקע טענאָרשטים פונעם חזן: זאָג נישט קיין מאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג...

פון דער ווילע האָבן זיך געטראָגן האָפערדיק באַגלייטנ־דיקע פּיאַנאָ־טענער.

# דער מואזין

אַ מאָל האָט ער גלייביקע צום געבעט גערופֿן פֿון אויבן, פֿון גאַניקל וואָס אַרום טורעם. היינט איז דער טורעם איינגעבויגן, דאָס גאַניקל איינגעבראָכן און קיין גלייביקע נישט פֿאַראַן דאָ. ער איז אַנטרינען צוזאַמען מיט זיי. איצט איז ער מיט דרייסיק יאָר עלטער. די אויגן לעשן זיך, די פֿיס ברעכן זיך, און אַ בענקעניש מאַכט ציטערן דאָס האַרץ מיט דער מורא נישט צו פֿאַרזוימען: כאָטש נאָך איין מאָל קומען, אַרויפֿכאַפּן זיך אויפֿן גאַניקל און לאָזן הערן דעם רוף צום געבעט, דאָרטן ווו ער האָט געלאָזט הערן צענדליקער יאָרן.

דרייט ער זיך אַרום געבעטהויז. עס דערנענטערט זיך דאָס אָוונט־געבעט. ער וועט אַרויפֿגיין. ער וועט רופֿן פֿון אַלע פֿיר זייטן פֿונעם טורעם. אַזוי ווי אַ מאָל. קיין גלייביקע זענען נישטאָ. אָבער דאָס געבעטהויז איז דאָ. עס שטייט עלנט, טרויעריק, פֿאַרלאָזן, האַלב־חרוב. וועט ער אַריינבלאָזן אַ לעבעדיקן אָטעם מיט זיין רוף. ער וועט רופֿן מיט זיינע לעצטע כּוחות און כּוונות, אַז די גלייביקע וועלן אים מוזן דערהערן אין זייער צעשפּרייטקייט.

דער טורעם איז איינגעבויגן. דאָס גאַניקל איינגעבראָכן. און דער אַריינגאַנג פֿאַרשפּאַרט, פֿאַרשטעלט מיט שטעכדראָט.

דרייט ער זיך אַרום געבעטהויז. זוכט אַ לאָך אין איינער פֿון די מויערן, וואָס קרישלען זיך, וואָס ברעכן זיך פֿון זיקנה, זינקען איין אַזוי ווי ער. ער זוכט אַן עפֿענונג, דורך וועלכער ער זאָל קאָנען אַריינשטופּן זיין איינגעקוואַרטן גוף.

האָבן שוטרים אים פֿאַרהאַלטן. באַזוכט פֿון קאָפּ ביז פֿיס, אין יעדן ווינקל פֿון רחבותדיקן בגד; צי האָט ער נישט ערגעץ פֿאַרבאָרגן אויפֿרייס־מאַטעריאַל.

— בחינם אייער זוכן — האָט ער געזאָגט. — דעם אויפּרייס־מאַטעריאַל, וואָס איך טראָג, וועט איר נישט געפינען. ער איז אין מיר, לאָזט מיך אַרויף אויבן, אויפן גאַניקל און איר וועט אים זען, איר וועט אים הערן, זען און הערן.

האָבן די שוטרים געקוקט אויף אים מיט באַדויער און געהייסן גיין, און געוואָרנט ער זאָל מער נישט קומען.

צומאָרגנס אין דער זעלבער צייט, איז ער ווידער געקומען.

— לאָזט מיך אַרויף אויבן, וועט איר זען, וועט איר זען און הערן מיט אַ מאָל, לאָזט מיך אַרויף כאָטש איין מאָל.

— האָט ער איבערגעחזרט כסדר.

— עס איז מסוכן, אַלץ ברעכט זיך דאָרטן, מסוכן.

— נישט מסוכן — האָט ער אָפּגעשפּאַרט זייערע רייד

— אַללאַ אַכבאַר, אַללאַ איז גרויס. ניטאָ קיין גאָט איבער אים. נישט מסוכן. לאָזט מיך אַרויף. וועט איר זען און הערן.

ער האָט זיך געריסן אַרויף, זיך געריסן פון זייערע הענט. האָבן זיי אים אַריינגעזעצט אין פּאָליציי־אויטאָ און אָפּגעפירט אין פסיכיאַטרישן אָפּטייל פון שפּיטאָל.

אין שפּיטאָל האָט מען אים נישט באַטראַכט פאַר קיין פסיכיאַטרישן פאַל און אים צומאָרגנס אַרויסגעלאָזן.

אין אָוונט האָט מען אים געפונען אַ טויטן צופוסנס פון געבעטהויז. דאָס גאַניקל האָט זיך איינגעבראָכן, איידער ער האָט זיך רעכט אויסגעגראָדט און געעפנט זיין מויל.

עס זענען געקומען מויערער און פאַרמויערט דאָס לאָך, דורך וועלכן ער האָט זיך אַריינבאַקומען, און אונטערגעשטעלט דיקע קלעצער, אַז דער טורעם זאָל זיך נישט נאָך מער איינבייגן און אויסצומיידן ענלעכע אומגליקן.

# חאַדזש

חאַסאַן אבו־זייד האָט זיך צעקושט מיט זיין מוטער און מיט זיין שכן סאַלאַח אנוכי, און איז אַוועק. צום דריטן מאָל גיט אים אַללאַ די גרויסע זכיה מקיים צו זיין די מצווה פון חאַדזש. דאָס ערשטע מאָל פאַר זיך אַליין. דאָס צווייטע — פאַר פאַטמאַ, זיין קראַנקער פרוי. און איצט פאַר זיין מוטער, וואָס איז קראַנק און שוואַך, ליגט מער ווי זי גייט.

איז ער אַרומגעגאַנגען זיבן מאָל דעם שוואַרצן שטיין אין מעקאַ, געטרונקען און אָנגעשעפּט הייליק וואַסער פון אַל זאַמזאַם, דעם קוואַל, וואָס אַללאַ האָט אַקעגנגעשיקט, אויס גרויס רחמים, פאַרן זון פון אברהם און הגר, ער זאָל חלילה נישט אויסגיין פון דאָרשט אין מדבר. און ער איז צוריקגעקומען קיין חיפה מיט אַ דרייפאַכיקער קרוין פון אַ חאַדזש.

סאַלאַח האָט גראָד געפלעגט דעם גאָרטן, וואָס פאַר חאַסאַנס הייזל, ווען ער האָט דערזען זיין שכן צוריקקומען. ער איז אים אַקעגנגעלאָפן:

— סאַלאַם, יאַ חאַסאַן חביבי — און צעשפּרייט די אָרעמס אים אַרומצונעמען.

חאַסאַן האָט אים אָפּגעשטויסן:

— צו ערשט מיין מאַמע און נישט אַ ייד.

— איך בין דאָך סאַלאַח, דיין שכן, בין איך.

— דו ביסט טאַקע אַ תימנער, אַ מזרח־מענטש, אָבער גלייבסט נישט אין אַללאַ.

— איך בין דאָך סאַלאַח, סאַלאַח אנוכי.

— אומקערן זיך פון אַללאַס געבענטשטן הויז און אַרומכאַפּן זיך צו ערשט מיט אַן אומגלייביקן ברענגט אומ־גליק.

— איך בין דאָך סאַלאַח, יאַ חאַסאַן חביבי, סאַלאַח, דיין שכן.

— מיט דריי יאָר צוריק, ווען כ׳האָב געבעטן פאַרן געזונט פון פאַטמאַ, ביסטו מיר אויך אַקעגנגעלאָפן ביים צוריקקומען, מיר האָבן זיך צעקושט. אַ פּאָר חדשים שפּעטער האָט מיך אַללאַ באַשטראָפט און זי גענומען צו זיך. איך וויל, אַז מיין מאַמע זאָל לעבן, וויל איך. אַוועק פון מיר!

סאַלאַח איז געבליבן שטיין פאַר חאַסאַנס פאַרקלאַפּטער טיר. טרערן האָבן פאַרפלייצט די שיטערע און געקרייזלטע האָר פון זיינע צעציטערטע באַקן און גערונען צעבוואַליעט פון זיין שפּיציקער באָרד.

## גאָט-לעסטערערס

פאַרן אויספירן דעם אורטייל פון סאַאַדי קאַלי באַדאַבי, האָט מען אים געשטעלט אַן אויסוואַל: וועט ער גיין ליגן מינעס ביים שונא, וועט מען אים אָפּשניידן די לינקע האַנט, אויב נישט — די רעכטע.

ער האָט זיי נישט געזאָגט, אַז ער איז אַ געלינקטער און געענטפערט הכנעהדיק מיט אַ פּסוק פ̣ון די הייליקע שריפטן: רעליגיע איז קודם. ער וויל נישט זינדיקן קעגן געבאָט פון אַללאַ, וואָס איז איבער אַלע געטער. גענוג שוין אַליין די זינד פון גנבענען... און געמיינט האָט ער, אַז זיין תשובהדיק מקבל זיין די חומרה פון הייליקן דין וועט ווייכער מאַכן דאָס האַרץ פון די שופטים און מ׳וועט אים לאָזן ביידע הענט.

ווען דאָס הויז פון הויפּט־שופט איז געפלויגן אין דער לופטן, איז געפאַלן דער חשד אויף אַ צאָל פאַרדעכטיקטע מיט ביידע הענט.

און ווען דער טריבונאַל איז אויפגעריסן געוואָרן צוזאַ־מען מיט די שופטים, האָט מען אָפּגעהאַקט די קעפּ, אין מיטן מאַרק, ביי צוויי צענדליק קעגנער פון די מושלים, אין די אויגן פון אַ שטאָט מיט מענטשן, מיט ביידע הענט צום הימל.

און סאַאַדי קאַלי באַדאַבי?

ער האָט באַוויזן צו אַנטרינען אינעם לאַנד פון שונא.

דאָרטן האָבן ספּעציאַליסטן צוגעפּאַסט אַן עלעקטראָנישע פּראָטעזע צו זיין רעכטער האַנט, לויט דער מאָדערנסטער טעכניק און פּערפעקציע.

ווען צו די מושלים איז דערגאַנגען די דאָזיקע ידיעה, האָבן זיי באַפוילן איינצוזאַמלען אַלע גנבים מיט אָפּגעשניטענע רעכטע הענט, אין אַ לאַגער אונטער מיליטערישער שמירה, אַז קיינער זאָל זיך נישט קאָנען אַרויסבאַקומען, אַריבער די גרענעץ צום שונא. ווייל אַ פּראָטעזע אויף אַ באַשטראָפטער האַנט איז קעגן די הייליקע געבאָטן פון אַללאַ, וואָס איז איבער אַלע געטער, און עס דינט די מלחמה־אינטערעסן פון די גאָט־לעסטערערס.

## שאכשפּיל

ער האָט געבעטן אַ דערלויבעניש צו באַטייליקן זיך אין אינטערנאַציאָנאַלן שאַך־קאָנקורס, וואָס קומט פֿאָר אין חיפה.

— ווו ?

— אין חיפה.

— דו ווייסט ווו עס געפינט זיך חיפה ? — האָבן זיי געפרעגט מיט אויגן שפּיציק־גרויסע.

— חיפה איז אין . . .

ער האָט נישט פאַרענדיקט דעם זאַץ. עטלעכע שטאַרקע הענט האָבן אים פּלוצעם אַ הייב געטון און פאַרטראָגן אין אַ פינצטערן און קאַלטן קאַמער.

אַ וואָך שפּעטער, האָט מען אים געבונדן די אויגן און אַרויסגעפירט פון קאַמער. מ׳האָט אים געזאָגט — אויב ער וועט שלאָגן רושינען, דעם שאַך־מייסטער, אין אַ בלינדער פּאַרטיע, וועט ער פּאָרן.

ער האָט אָנגעהויבן מיט דער באַרימטער אוווערטור וואָס טראָגט זיין נאָמען, און גיך אַריבער צום אָנגריף, וואָס נאָר ער באַזיצט דעם סוד. ווי גרויס איז געווען זיין שטוינען, ווען שוין ביים צוואַנציקסטן גאַנג האָט מען אים געזאָגט, אַז ער האָט פאַרשפּילט.

ער האָט אַראָפּגעריסן דעם באַנד פון די אויגן, און געזען — אַז זיין פּאַרטנער איז נישט רושין, און דאָס שאַכ־ברעט איז שוואַרץ, אָן קעסטלעך. ער האָט קוים באַוויזן צו

פראַטעסטירן, ווען דאָס ליכט איז אויסגעגאַנגען, און מ׳האָט אים ווידער פאַרדעקט די אויגן מיט אַ שוואַרצער באַנד.

— איך וויל אַ רעוואַנזש ! — האָט ער זיך געאַמפּערט.

— גוט, נאַ דיר אַ רעוואַנזש.

ער האָט ווידער אָנגעהויבן זיין אַווערטור און גיך אַריבער צו אַ קאָמבינירטער סטראַטעגיע, וואָס קיינער האָט נאָך ביז היינט נישט געפונען צו איר אַ ריכטיקע רעפּליקע.

— פאַרשפּילט ! — האָט ער פּלוצעם געהערט אַ שאַרפן אורטייל, ווי אַ מיליטערישן באַפעל.

ער האָט גיך אַראָפּגעריסן די באַנד, און געזען, אַז אַלע שאַך־פיגורן זענען שוואַרץ, אַז דאָס שאַכפעלד איז שוואַרץ.

— דאָס איז נישט ריכטיק — האָט ער אויסגערופן — אַלע פיגורן זענען שוואַרץ און שוואַרץ איז אויך דאָס שאַכ־ברעט. דאָס איז פאַלש.

— נישט פאַלש. שוואַרץ איז די פאַרב פון דיין גורל !

עטלעכע שטאַרקע הענט האָבן אים פאַרבונדן די אויגן, אַ הייב געטון און פאַרטראָגן ווייט, גאָר ווייט.

ער האָט זיך אָפּגעפונען אין אַ פּסיכיאַטרישן שפּיטאָל, אין דער אָפּטיילונג פון די, וועלכע זעען שוואַרץ.

שוואַרץ זענען געווען די ווענט אַרום. נאָר אַ דין שפּעלטל צווישן צוויי שלעכט־צונויפּבאַהאָפטענע ציגל, האָט אַריינ־געלאָזן פון דרויסן אַ שמץ פון אַ זוניקן זיגזאַג־שטראַל, וואָס האָט געשונדן, ווי מיט אַ סקאַלפּעל, די שוואַרצע פעל פון אויפגעצווונגענעם גורל.

# קראַטעס

די זונשטראַלן האָבן פאַרטריבן, ווי מיט קופּערנע בעזעמס, די נאַכט־צויטן פון כינרת, און זיך אַריינגעריסן דורך די ענגע לאָדן־שפּאַלטן. זיי האָבן זיך צעלייגט מיט גיל־דענע תפיסה־קראַטעס איבערן צימער.

— נאָר נישט קיין קראַטעס! — האָט ער זיך אויפ־געזעצט אין בעט.

— האָסט קאַשמאַרן — האָט זי זיך איבערגעוועקט.

— קוק, אַלגאַ, קראַטעס אויף דער וואַנט.

— קאַשמאַרן, אָסיפּ. דו מיינסט, אַז ביסט נאָך תמיד דאָרטן.

— זעץ דיך אויף און קוק צו דער וואַנט. זעסט דאָך — קראַטעס!

זי האָט זיך צעלאַכט: — דאָס איז דאָך די זון, אָסיפּ. גילדענע קראַטעס...

— און גילדענע קראַטעס, אַלגאַ, זענען קיין קראַטעס נישט, האַ?

ער איז אַראָפּ פון בעט. אויפגעעפנט ברייט דעם לאָדן. געלאָקט דורכן ערשטן זומער־פרימאָרגן, זענען פישערס אַרויס מיט זייערע שיפלעך. זיי האָבן פונאַנדערגעוויקלט זייערע נעצן און געשפּרייט זיי איבערן וואַסער. פאַרפּלאָנ־טערט צווישן די געדיכטע פעדעם פון די נעץ־אויגן, האָט די זון פאַרלייגט גילדענע קראַטעס אויף רוקנס און טאָלן פון צעהווידעטע כוואַליעס. וואָס אַ מאָל לענגער, וואָס אַ מאָל ברייטער — קראַטעס.

ער האָט מקנא געווען זיין פרוי, וואָס איז איינגעשלאָפן מיט דער דעק איבערן קאָפּ.

# איר געבורטסטאָג

**צו אידאַ נודעלס חמישים**

היינט איז איר געבורטסטאָג. באַלד וועט זיך אָפּלענען די שווערע תפיסה־טיר מיט איר זשאַווער־געסקריפּ. אַ באַהאַרטע און אויסגעפּרעסענע האַנט וועט אַוועקשטעלן אַ רעפּטל ברויט און אַ טעפּל ביטערע קאַפּע. ווי תמיד.

נאָר די פראָסט איז היינט אַנדערש. מיט דער צאָל פון אירע גראַדן קאָנקורירט זי מיטן חשבון פון אירע יאָרן.

"עד מאה ועשרים!"

זי זעצט זיך אויף, מיט דער פאַרשימלטער קאָלדרע ביז איבערן האַלדז. — ווער ברענגט איר די ברכה אין דער שפּראַך פון אירע חלומות?

מיטן רוקן צו דער וואַנט, מיט די פּאַדער־פּיסלעך אין דער הייך, ווי אַ וועוורק — אַ מייזל. אויפן ברויט קוקט דאָס מייזל. אויפן טעפּל. אויף איר.

און די אויגן ביים מייזל גלאַנצן. צווייפאַרביק גלאַנצן זיי. בלאָ און ווייס. ווייס און בלאָ...

— עס, מייזעלע. איך גיב דיר מיין ברויט און טרינק צו פון טעפּל. זאָל די הנאה פון דיין אָנגעפּילטן מאָגן זיין מיין מתנה צום אויסנאַמטאָג אין מיין לעבן...

און מיט דער דעק איבערן קאָפּ, זעט זי, אַז דאָס שוואַרצ־אָפּל ביים מייזל איז נישט שוואַרץ און נישט רונדיק איז עס. נאָר בלאָ־ווייס און מגן־דודיק...

זי הערט ווי עס שניידן זיך אַריין די שפּיציקע ציינדעלעך אינעם האַרטן ברויט־רעפּטל. זי פילט דעם מייזלס הנאה, וואָס צעהעלט די הרי־חושך פון איר אייגענעם לייב־און־לעבן. און איבער די הרי־חושך — כישופט דער כישוף פון צעיום־טובטער בשורה.

# איך האָב באַגעגנט דעם ייד

פאַראַן אַ דערציילונג ביי דעם באַקאַנטן פראַנצייזישן שרייבער, מאַרסעל עימע: מענטשן שטייען אין דער ריי, בעת דער מלחמה, פאַר אַ פּאַריזער שפּייזקראַם. שטייענדיק אַזוי אַ לאַנגע צייט דערציילן זיך די מענטשן זייערע לעבנס־געשיכטעס און סתם אינטערעסאַנטע מעשיות, כדי צו פאַר־געסן די צרות, צו פאַרקלענערן די אומגעדולד, די אומ־זיכערקייט און זיך צוצוגעבן מוט. ביים סוף פון דער ריי שטייט אַ ייד. ער שווייגט. מען פאַרלאַנגט פון אים ער זאָל אויך דערציילן זיין געשיכטע. ענטפערט ער לסוף: „איך בין אַ ייד", און שווייגט ווייטער. זיינע געציילטע ווערטער האָט דער עולם פאַרשטאַנען מער און בעסער ווי די לאַנגע גע־שיכטעס און מעשיות פון אַלע אַנדערע.

איך האָב באַגעגנט דעם ייד.

איך האָב אים באַגעגנט לייגן אַ צעטל צווישן די שטיינער פון כותל.

איך האָב אים באַגעגנט אויף אַ טראַקטאָר אין קיבוץ.

איך האָב אים באַגעגנט טראָגן ציגל צו אַ בנין אין אשקלון.

איך האָב אים באַגעגנט ברענען זיך אויף דער זון אין אילת.

איך האָב אים באַגעגנט אין דער ריי פאַר הבימה צו הערן מאַנגערן אין עברית.

איך האָב אים באַגעגנט פאַרקויפן ירקות אויפן "שוק" אין טבריה.

איך האָב אים באַגעגנט קוקן אין אַ מיקראָסקאָפּ אין ווייצמאַן־אינסטיטוט.

איך האָב אים באַגעגנט זיך דרייען אויף דער דיאַמאַנטן־בערזע אין תל־אביב.

איך האָב אים באַגעגנט צונויפשטעלן אַ נייעם קריג־עראָפּלאַן.

איך האָב אים באַגעגנט מאַניפעסטירן "שלח את עמי!"

איך האָב אים באַגעגנט טראָגן לאַדונג צו אַ פראַכטשיף אין חיפה.

איך האָב אים באַגעגנט מיט דער פּויסט אין דער לופט פאַרן כנסת.

איך האָב אים באַגעגנט פלאַנצן אַ בוים אין יער הקדושים.

איך האָב אים באַגעגנט אויף אַ טאַנק אויפן וועג צום גולן.

איך האָב באַגעגנט דעם ייִד שטיין, בעת דער יום־כּיפּור־מלחמה, אין דער ריי פאַר אַ ירושלימער שפּייזקראָם, און דערציילן זיין לעבנסגעשיכטע און סתם אינטערעסאַנטע מעשיות, כּדי צו פאַרגעסן די צרות, צו פאַרקלענערן די אומגעדולד, די אומזיכערקייט און זיך צוצוגעבן מוט.

אויך איך בין געשטאַנען אין דער ריי. ווען עס איז געקומען צו מיר, האָב איך דערציילט די דערציילונג פון פראַנצייזישן שרייבער, מאַרסעל עימע.

# כלב

ביי יונהן, מיין קרוב, אין פאַראַן אַ הונט, הייסט ער כּלב.

— היתכן? — פרעג איך — איז דאָך כּלב אַ הונט אין עברית, נישט קיין נאָמען.

— נישט כּלב, מיט סגולס, נאָר מיט אַ קמץ און צירה.

— ווי כלב בן יפונה פון שבט יהודה?

— געטראָפן. ווי דער מרגל, ווען משה האָט געשיקט אויסשפּירן דאָס לאַנד, און געזען האָט ער דאָרטן בלויז גוטס. שפּעטער האָט ער איינגענומען חברון...

— ויתן את חברון לכלב בן יפונה לנחלה — האָב איך פאַרענדיקט און געפרעגט — מה ענין הונט אצל הר חברון...?

— אָט דאָס, קרוב מיינער, איז אַ מעשה פון טויזנט און איין נס, פלאי־פלאים, הערסט — פלאי־פלאים ממש.

די באַלעבאָסטע, שיין ווי די רויז פון שיר־השירים, וואָס אַ דיסקרעטער טרויער אין די אויגן קאָן נישט פאַרשאָטענען די צעהעלטע איידלקייט פון איר פּנים — דערלאַנגט כיבוד.

— רייזעלע — זאָגט יונה — דאָס איז אַן אייניקל פון פּעטער העשל, הי״ד, וואָס האָט אויך געהאַט אַ מיל, נישט ווייט פון אונדזער דאָרף. ער קומט פון טבריה עיר הקודש.

זי האָט זיך פאַרנייגט. אַ לייטזעליקע פרייד האָט זיך צעגאָסן איבער אירע באַקן און פאַרכאַפּט די בלומען פון איר קאָפּטוך, ווי זיי וואָלטן זיך פלוצעס צעבליט.

— מיר האָבן זיך צופעליק אָפּגעפונען, אין יער הקדו־שים נעבן ירושלים, בעתן פלאַנצן ביימער צום הייליקן אָנ־דענק פון דער משפחה, אין יזכור־טאָג... האָב איך אים פאַרבעטן.

— וואָס פאַר אַ גליקלעכער צופאַל, אבא, און ווי גוט האָסטו געטון... אַ גאַסט, און דערצו אַן אָפּגעפונענער קרוב, איז ווי אליהו הנביא וואָלט געקומען.

— ער הייסט טאַקע אויך אליהו.

— ברוך־הבא, ר׳ אליהו — האָט זי געזאָגט מיט אַ תפילה־טאָן און אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

כלב האָט געקוקט אין די אויגן פון זיין האַרינטע, געקוקט אויף אירע ליפּן און אונטערגעברומט פרום, צוגעשטימט צו איר ברכה.

— נו, לאָמיר עס מאַכן בקיצור — האָט יונה גענומען רעדן, ווי ער וואָלט מיר געווען שולדיק אַ תשובה. — ווען כ׳בין אַרויס אַ לעבעדיקער פון וואַלד, בין איך געלאָפן אָפּ־נעמען רייזעלען. איך האָב געבעטן: "וואַצעק, גוטער שכן מיינער, דו ביסט מיר תמיד געווען געטריי. איך האָב דיר פאַרשריבן אַלץ, די מיל, דעם טאַרטאַק, דעם פיש־סטאַוו, די פעלדער, די פּראַצע פון צוויי דורות, די זאָלסט מיר ראַטעווען דאָס איינציקע קינד... איך האָב דיך באַשעפטיקט אפילו בעת די לעצטע קריזיס־יאָרן... גיב מיר צוריק מיין רייזעלען"... האָט ער געשווירן אין נאָמען פון דעם, וואָס הענגט צוגענעגלט צום הילצערנעם צלם ביי אים אויף דער וואַנט, אַז די דייטשן האָבן צוגענומען רייזעלען און זי אומ־געבראַכט... בין איך געפאַלן צו זיינע פיס, געקושט זיינע שטאַלשיך, געבעטן רחמים. זי איז אַלץ וואָס איז מיר געב־

ליבן פון דער גאַנצער משפחה... איז ער פּלוצעם געוואָרן ווילד. ער האָט געכאַפּט זיין יאַגדביקס פון דער וואַנט מיט רוגזה... איך בין אַרויס. ער נאָך מיר. פּלוצעם, ווי פון הימל אַראָפּ, האָט זיך באַוויזן כלב, אונדזער הונט. ער האָט אַ שפּרונג געטון צו דער האַנט פון וואַצעקן, וואָס האָט גע־צויגןביים צינגל, און די קויל האָט נישט געטראָפן... כלב איז געבוירן געוואָרן דעם זעלבן טאָג וואָס רייזעלע און דער־צויגן זיך צוזאַמען מיט איר... מיר האָבן אים גערופן כלב, אויף העברעיש, כדי ער זאָל זיך אונטערשיידן פון די גוייִשע הינט און אונדז זיין נאָענטער... און האָב זיך אויס־באַהאַלטן אינעם הויכן גראָז פון אַ פעלדטייכל. כלב צוזאַ־מען מיט מיר. דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז רייזעלע לעבט, אַז וואַצעק, וואָס האָט קיין קינדער נישט, האָט זי זיכער אָפּגעשמדט און וויל זי פאַר זיך. דאָס וועלן מיך דערשיסן האָט דאָס באַשטעטיקט... בין איך געלעגן אין גראָז און גערעדט צום הונט: "רייזעלע, ווו איז ריי־זע־לע? דו ביסט דאָך אַ גוטער, כלב, דו ביסט דאָך קיין מענטש נישט, קיין דייטש נישט. דו ביסט דאָך אַ גוטע נשמה. זאָג מיר, איך בעט דיך, רייזעלע, רייזעלע, ווו איז ריי־זע־לע?"... האָט ער מיך פאַרשטאַנען און גענומען ציִען ביים עק פון זאַק־מאַנטל, לויפן פאָרויס, ווייזן דעם וועג. איך בין אים נאָכ־געלאָפן. נאָכגעלאָפן. אַ נאַכט און אַ טאָג. און נאָך אַ נאַכט. מיר זענען שטיין געבליבן ביי אַ בנין, מיט צלמים פון דרויסן, נעבן קלויסטער פון דער שוואַרצער בתולה... בקיצור — אונדזערע חיילים פון דער יידישער בריגאַדע האָבן זי אַרויסגעגנבעט פון דעם קלויסטער־אינטערנאַט. אַ ברכה אין זייערע ביינדעלעך... נו, שפּעטער — די איטאַליענישע פאַרטשטאָט, באַרי. די מעפּילים־שיף. נישטאָ קיין אָרט פאַר אַ הונט. איך שמוגל אים אַריין אין אַ זאַק. אַנטדעקט עס

דער בייזער קאַפּיטאַן, און שליידערט אים אַריין מיטן זאַק אין די צעשטורעמטע כוואַליעס...

רייזעלע איז ווידער געקומען. געבראַכט צוויי טאַסן קאַפע, מיט אַ נעפּל איבער זיי, און געבעקס, וואָס האָט געשמעקט מיט עפּל און האָניק.

— אבא — האָט זי געהאַט טענות — דו דערציילסט און דער כיבוד שטייט, דער גאַסט איז גאָר נישט טועם.

— אַ דאַנק — זאָג איך — דעם אבאס דערציילן איז אויך כיבוד.

— דעם אבאס כיבוד קאָן אונטערוואַרטן. מיינער — נישט. די קאַפע וועט ווערן קאַלט, פאַרלירן איר אַראָמאַט. און דער קוכן דאַרף געגעסן ווערן וואַרעם.

— רייזעלע איז גערעכט — זאָגט יונה.

כלב האַלט מיט רייזעלען.

מיר זופּן פון די טאַסן. איך נעם עטלעכע ביסן פון גן־עדן קוכן און פאַרגין זיך נישט אַראָפּצושלינגען. יונה קנאַקט זונבלום־קערנדלעך, ניסלעך. איך נעם צוויי פּעקאַן־ניסן און וואַלגער זיי אינעם האַנט־לעפל, אַרבעט מיט די פינגער, נישט כדי זיי צו צעברעכן, נאָר פון אומגעדולד, פון נייגער צו הערן דעם המשך.

— הכלל, בקיצור נמרץ. רייזעלע איז היינט אַ מאַמע פון אַכט קינדער, לערנערס, כלי־קודש, אָפּגעהיטענע טעכטער. און צוויי אוראייניקלעך האָט זי מיר געגעבן, כן ירבו. און אַ מאַן, אַ ראש־ישיבה, אַן אייניקל פון די קדושי־תרפ״ט פון חברון... נאָך מלחמת ששת־הימים האָט זיך די גאַנצע משפחה אומגעקערט אַהערצו... יאָ, ווילסט דאָך וויסן,

אליהו, ווי קומט דאָ אין מיטן דרינען כלב, איז די מעשה אַזוי — גיי איך זיך אַזוי אַנומלט, אַ פאַרטראַכטער, אין אַלט ירושלים. פלוצעם דערזע איך אַן אַראַבער און נעבן אים אַ הונט. האָבן ביי מיר אויפגעקאָכט אַלע בלוטן און צעגליט מיינע פאַרנעפלטע אויגן... וואָלסט געזאָגט — כלב. אַ גלגול ממש.

״איך קויף דעם הונט״.

— דער אַראַבער האָט געלאַכט. זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צו מיר.

״איך צאָל אין דאָלאַרן, יאַ חביבי״.

— ״הונדערט דאָלאַר, אויב דו ווילסט״.

— נו, זייט דעמאָלט, איז דער הונט ביי אונדז, שוין באַלד צען יאָר... כלב, די זעלבע דריי אותיות, ווי אונדזער דאָרפישער הונט. נאָר געאַנדערשט, צוגעפּאַסט צום אָרט, צו דער צייט, צו דער לאַגע... יענער, פונעם דאָרף, האָט געראַטעוועט רייזעלען, אין זיין זכות איז פאַראַן המשך, נייע דורות אין לאַנד, אין דער שטאָט פון די אבות... און ווי דו ווייסט עס אַזוי גוט, אליהו, איז אין זכות פון כלב בן יפונה איינגענומען געוואָרן חברון ושם חברון לפנים קרית ארבע... נו, אַ טאָפּל־סיבה פאַרן נאָמען פון אונדזער פּירפּיסיקן הויזפריינט... אָט, ווי כ׳האָב דיר געזאָגט — פלאי־פלאים... פלאי־פלאים, ר׳ אליהו.

— אויב נישט נאָך פלאי־פלאימדיקער, ר׳ יונה, אויב נישט נאָך פלאי־פלאימדיקער ? !

# האניק...

דעם אָנדענק פון שושנה גלילי,
פון קיבוץ שמיר — געהייליקט

פריער האָט זי ליב געהאַט קינדער. שפּעטער האָט זי ליב געהאַט קינדער און בינען. פריער האָבן זי ליב געהאַט קינדער. שפּעטער האָבן זי ליב געהאַט קינדער און בינען.

מיליאָנען בינען האָבן זי געקענט, נישט געשראָקן זיך פאַר איר און איינגעהאַלטן דעם שטעכער טיף אין שויס, ווען זי האָט זיך פאַרנומען מיט די בינשטאָקן. זי האָט זיך נישט געניטיקט אין ווייערע, אָפּשטויסגאַזן און שוצמאַסקעס.

עס האָט געשלאָגן פון איר אַ גוטסקייט, אַ זיסקייט און אויסדערוויילטקייט ווי פון עכטן קעניגלעכן האָניק. און אָפּגענומען האָט זי דעם האָניק, ווי אַ הייבאַם נעמט אָפּ אַ קינד, מיט איידלקייט, מיט וויסן, מיט אחריות, מיט גע־ניטקייט. די בינען האָבן זיך געדרייט אַרום די וואַקס־בעכער־לעך צופרידענע, וואָס זי גרייט פרייע נעסטן אויף אויס־צולאָדן די געשפּאַנטקייט, וואָס זאַמלט זיך אין זייער אינגע־ווייד ביז ווייטיק.

האָט זי זיך געפּעדערט. ווי נאָר די פאַרביקע בלומען־קעפּלעך האָבן גענומען זיך אָפּטיילן פון דער פרי־פרימאָרגן שאַרעניש און אויסשטעלן צעעפנטע רייצשויסן אויף בינען־לאָקעניש — האָט זי זיך געפּעדערט צום האָניק־מלכות ביים ראַנד פון קיבוץ, האַרט ביי דער שוצצוים.

ווער עס איז פֿאַרליבט אין אַרבעט און אין גלילער פּרי־פּרימאָרגן, אַזוי ווי די בינען און זי, איז ביי אים יעדע געפּעדערטע רגע אַ געווינס, אַ צוגאָב־מתנה פֿון הימל.

און געפּעדערט האָבן זיך אויך שדים פֿון יענער זייט גרענעץ און געשענדעט אַ פּרי־פּרימאָרגן אַזאַ, געקווילעט אַ פּרי־פּרימאָרגן אַזאַ.

זענען המונים געגאַנגען פֿון די אַרומיקע קיבוצים מיט די קעפּ געבויגן און קינדער פֿון די שולעס, וואָס זי האָט געהאָלפֿן גרינדן און אָנפֿירן, מיט פענדלעך בלאָ־ווייסע גע־הילט אין שוואַרצן. און איבער זיי האָט אַ בינען־וואָלקן געזשומעט אַ בינען־מאַרש פֿון אבלים.

און עד היום קומען קינדער מיט בלאָ־ווייסע פענדלעך געהילט אין שוואַרצן און מיט בלומען. און בינען מאַכן אַן אומוועג, פֿליִען פֿאַרביי איר קבר, לאָזן פֿאַלן אַ האָניקטרער, און אין זייער געזשום פּילט זיך אַ תּפֿילהדיקער אונטערטאָן פֿון צער.

## יד לבנים

אַ שטיין און אויפן שטיין — נעמען.
צוויי רייען מיט נעמען.
ביים סוף — אַ פּרויען־נאָמען.
ביי יעדן איז דערמאָנט זיין מיליטערישער גראַד.
ביי איר — פלעגשוועסטער.

אַרום שטיין — אַ רחבותדיקער זאַמדפּאַרק מיט אַ גראַזיקן ראַנד. אינעם זאַמד — פונאַנדערגעשטעלטע קינדער־שפּילערייען און גימנאַסטישע פעלד־מכשירים. דער ווינט הייבט דאָס זאַמד פון אָרט, דרייט מיט אים ווי אַ באַלעם, זשאָנגלירט מיט אים ווי אין אַ צירק און לאָזט אים פאַלן מיט קנוילן רויך איבער די שכנותדיקע קיבוץ־הייזלער.

דער פאַרוואָלקנטער הימל, וואָס דראָט מיט שטורעם, לאָקט נאָר געציילטע קינדער. דאָ און דאָרט לאָזט אַ קינד זיך ווילגיין באָרוועס איבערן קיצלדיקן זאַמד, אָדער שאַפט דיונעס, בערג און טאָלן, אַמפּערנדיק זיך מיטן ווינט.

אַ קונדס, האַלב נאַקעט, קלעטערט אויף גומענע אויטאָ־רעדער, צעהאַנגענע אין דער ברייט, אין דער הייך, און רייבט זיך די אויגן, ווו עס האָט זיך פאַרגנבעט אַ זעמדל. אַ צווייטער דראַפּעט זיך אויף קלעטער־לייטערלעך און שוועבט ממש, טראָץ דעם ווינט. אַן עלטער בחורל גרייט זיך צו שפּרינגען פון אַ הויכן טראַפּעז־ברעט אין זאַמד אַריין און רופט אַלעמען מ׳זאָל באַוואונדערן זיין גבורה. אַ מיידעלע מיט

צעפּלער אויפֿן ווינט לאָזט זיך אַראָפּ פֿון אַ מסוכנדיק־משופּעדיקן טאָבאָגאַן, און אויך זי וויל, אַז מ׳זאָל באַוווּנדערן איר העזה.

אַ מיידל מיט אַ רויטן קאָפּ געקרייזלטע האָר, ווי ביי אַ פּון לאַנג נישט געשווירענעם שעפּס, שטייט אויף אַ הויכן הענגבריקל און האַלט זיך פעסט ביי די זייטיקע קייט־צוימען, נישט אַהין, נישט אַהער. דער ווינט צעוואַקלט דעם הענג־געשטעל פֿון די לויזע בריק־לייסטלעך און צעטראָגט איבערן חלל סקריפּנדיקע קרעכצן פֿון די בריק־געלענקען, געמישט מיט צעגלידערטע געוויין־זיפּצענישן פֿון אַ קינדישן ציטער־קעלעכל.

איך לויף אַהין. וויל טראָגן הילף דעם מיידעלע אין סכנה. אָבער פּלוצעם וואַקסט אויס נעבן מיר עמעץ, מיט אַן אוישוויץ־נומער אויפֿן אַנטבלויזטן אָרעם.

— מ׳דאַרף נישט. פּאַרקערט — זאָגט ער מיט אַ פעסטער שטים — זאָל זי זיך לערנען גובר זיין מכשולים, זיך האַרטעווען. מורא איז אַ גוטע שולע. און דאָס באַלד פֿון דער פריסטער קינדהייט...

— איך האָב נישט מורא — שרייט זי אַראָפּ שטיפעריש — בלויז געמאַכט אַן אָנשטעל, דער פרעמדער זאָל קוקן אויף מיר...

און זי נעמט לויפֿן נישט צוהאַלטנדיק זיך.

— דו זעסט — פּירט ער אויס האָפערדיק — אַזוי זענען אונדזערע קינדער... היינט ערשט, ווען מען איז אַן אייניקל פֿון אונדזער העלדין, וואָס אויפֿן יד־לבנים שטיין.

מיר שטייען ביים רויען וואולקאַן־שטיין, מיט טיפע לעכער, וואָס געדענקען קדמונדיקע נאַטור־אויפבּרויזן פֿון דער געגנט.

דער ערב־שטורעם הימל דערלויבט קוים צו לייענען די טיף־אויסגעקריצטע און פֿאַרזאַמדיקטע אותיות.

— דאָס זענען אונדזערע קיבוץ־קינדער, געפֿאַלענע אין די ישראל־מלחמות — זאָגט דער ייִד מיטן נומער אויפֿן אָרעם, ווי כ׳וואָלט אים געפֿרעגט. — די פֿרוי, ביים סוף, איז די לעגענדאַרע מאַמע ... אירע צוויי זין זענען אין דער רשימה דאָ. זיי הייסן אַנדערש. פֿאַרהעברעיִשט דעם נאָמען. זי האָט איר נאָמען נישט געוואָלט בייטן ... איר מאַן, וואָס האָט תּמיד געקרענקט, זייט ער איז געקומען פֿון די לאַגערן, האָט דעם גרויסן אומגליק נישט געקאָנט אַריבערלעבן ... זי איז געגאַנגען זיך לערנען פֿלעגעריי. געגאַנגען אַרבעטן אין מגן דוד אדום. פּרייוויליק. זיך באַפֿרידיקט מיט איר דעפּאַרטאַציע־רענטע ... זי האָט געבעטן תּמיד געפֿערלעכע מיסיעס. עט־לעכע מאָל איז זי פֿאַרווונדעטע געוואָרן, ווי אַ פֿלעגשוועסטער אין אַן אַמבולאַנס אין דער ערשטער ליניע ... און געפֿאַלן איז זי העלדיש נישט אויפֿן פֿראָנט, נישט מלחמה־צייט ... זי איז געפֿאָרן טראָגן הילף אין אַן אַראַבישן דאָרף, ווו עס איז אָנגעגאַנגען אַ לאַנגע נקמה־שלאַכט צווישן צוויי ריוואַל־כאַמולעס, צוליב גאולת־הדם ... האָט זי געטיילט הילף די פֿאַרוווּנדעטע, פֿאַרהאַלטן בלוט, געמונטערט, צוריקגעבראַכט צום לעבן ... און — געפֿאַלן מיט אַן אונטערגעשניטענעם האַלדז, פֿון אַן אַראַביש מעסער ...

— פֿאַר וואָס? — רייס איך איבער מיט אַ פֿראַגע.

ער ענטפֿערט נישט.

— צופֿעליק?

ער הייבט אויף זיין אָרעם מיטן נומער און מאַכט אַ באַוועגונג מיט דער האַנט, כּלומרשט ווי צום הימל.

— ווייל זי איז אַ ייִדישע?

מער ווי עס רעדן צו מיר די אויסטאַטוּירטע ציפערן,
רעדט צו מיר זיין פּנים, רעדן צו מיר זיינע אויגן, דער
צעכוואַליעטער שטערן.

די זון זוכט אַ שוואַכן פּונקט אינעם געדיכטן וואָלקן־געפּלאָנטער. עטלעכע פייער־שפּיזן געלונגט אים דורכצולעכערן און גרייכן מיט זייערע שאַרפע גליִעקן ביז צום שטיין. אין זייערע שפּורן נידערט אַ פאַרכאַפּנדיק פאַרבלענדליכט און מישט זיך אויס מיטן אַרומיקן זאַמד־שטח, צינדט אָן דעם שטיין, ווי דעמאָלט, ווען ער איז נאָך געווען נישט־אָפּגעקילטע לאַווע.

קינדער זענען אַרויס פון די שטובן. פאַרפלייצט דעם שפּילפּאַרק מיט געלעכטער, מיט פריידיקן געפּראַל.

די קליינע, די רויטהאָריקע, גיט אַ שוועב נעבן אונדז, פאַלט צו מיט די ליפּעלעך צו די אותיות מיט איר באָבעס נאָמען, און — שוין איז זי אויף אַ צווייטער הענגבריק, נאָך העכער און נאָך טרייסלענדיקער ווי די ערשטע. אירע הענטלעך זענען פריי ווי ביי אַ פויגל אין פליִען און אירע פיסעלעך שפּרינגען ווי אויף הייסע קוילן, אַהין און אַהער, פון איין עק צום צווייטן און צוריק, פון איין עק צום צווייטן און צוריק.

— נו? — ווענדט זיך צו מיר דער ייד מיטן נומער אויפן אָרעם און זיינע אויגן גלאַנצן טריומפירנדיק — נו, וואָס זאָגסטו, האַ?!

איך זאָג גאָר נישט. איך דערנענטער זיך צו דער הענגבריק. איך וועל זי כאַפּן, אויב זי וועט, חלילה, אַראָפּפאַלן. איך וועל זי כאַפּן אין מיינע אָרעמס, ווען זי וועט אַראָפּ אַ גאַנצע, און וועל זי דריקן פעסט צו מיין ברוסט, אויסקושן יעדעס ביינדעלע, אויפעסן זי צוזאַמען מיט איר זיגעריש־שטיפערישן געלעכטער, אויפעסן...

# טרערן

ווען עס איז געפאַלן איר איינציקער זון, אַ נאָמען נאָך איר פאָטער — אַן אוישוויץ־קדוש — איז זי באַפאַלן אַ ווילדער ווילן פון לויפן, פון אַנטרינען. ווי דער שטורעם פון אונטערן שאַרבן און הינטערן ברוסט־ברעט וואָלט אַראָפּ אין די פיס. זי האָט גענומען לויפן. לויפן. איבער צעכוואַליעטע באַרג־רוקנס. באַרג־אַראָפּ. באַרג־אַראָפּ.

מ׳האָט זי נישט געקאָנט אָניאָגן.

זי איז געלאָפן דורך פעלדער, וועלדער און וויסטע אָפּ־האַנגען. באַרג־אַראָפּ. באַרג־אַראָפּער.

אויטאָס האָבן נישט געקאָנט נאָכפאָרן.

אַן אַרמעע־העליקאָפּטער איז איר נאָכגעפלויגן. זי גע־האַלטן אויפן אויג.

ווען זי האָט זיך דערנענטערט צום כינרת, איז דער העליקאָפּטער פאָרויסגעפלויגן. דריי חיילים האָבן זיך געש־טעלט וואַרטן ביים ברעג, אָפּצוהיטן זי פון אַ פאַרצווייפלטן שריט.

— לאָזט מיך — האָט זי זיך געריסן פון זייערע הענט — לאָזט מיך!

זיי האָבן זי געהאַלטן פעסט: — גענוג קרבנות היינט. גענוג!

— לאָזט מיך. לאָזט מיך!

— אויף להכעיס אַלע שונאים, אויף להכעיס... לעבן, לעבן, לעבן!

— לאָזט מיך כאָטש אויסוויינען דאָ ביים ברעג. פון מיינע אויגן וועלן רינען טייכן גאַנצע, וואָס וועלן פול מאַכן דעם כינרת, וואָס לעכצט נאָך וואַסער. לאָזט מיך וויינען!

זיי האָבן זי געהאַלטן איבערגעבויגן מיטן פּנים צום וואַסער, מיטגעטרייסלט זיך ביי יעדן שלוכץ, ביי יעדן יאָמערזיפץ. אָבער טרערן זענען נישט געקומען.

טרערן זענען נישט געקומען.

— בעסער אַזוי — איז זי געפאַלן אין זייערע אָרעמס — זיכער בעסער אַזוי... מיינע טרערן זענען ביטער. מסוכנדיק ביטער. און געזאַלצן. מסוכנדיק געזאַלצן. בלויז עטלעכע פון זיי וואָלטן פאַרביטערט, פאַרזאַלצן דאָס וואַסער, אַז אַלע פיש וואָלטן אומגעקומען. דער כינרת וואָלט געוואָרן אַ ים המלח... בעסער אַזוי.

דער רעש פון מאָטאָר, דער ווינט פון די טרייבפליגלען, דער צער אין די אויגן פון די חיילים און דער געטרייסל פון אַפּאַראַט איבער די צעבוואַליעטע באַרגרוקנס, האָבן פלוצעם צעעפנט אירע ווײַנדריזן.

און אירע טרערן האָבן גענידערט, זיך פאַרוואַנדלט אין האָגל, און געפאַלן, מיט געדונער און געבליץ, פאַר־שטיינערט צו דער ערד.

און איר, ווען איר וועט גיין מיט די פעלדער, וועלדער, וויסטע אָפּהאַנגען און איבער צעבוואַליעטע באַרגרוקנס פון גליל, און וועט אָנטרעפן אויף פונאַנדערגעשפּרייטע האָגל־שטיינדלעך, גיט אַ לעק צו זיי. וועלן זיי זיין ביטער, געזאַלצן, מסוכנדיק ביטער און געזאַלצן — זייט וויסן, אַז דאָס זענען די טרערן פון דער מאַמען.

# אהרון און חיים

אהרון און חיים פירן פונאַנדער סחורות פון חיפה אין גליל. יעדער האָט זיין לאַסטאויטאָ. צוזאַמען בילדן זיי די חברה "גלגליל".

ווען עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה, האָט אהרון געזאָגט צו חיימען:

"עס פעלן לאַסטאויטאָס און שאָפערן פאַר דער אַספּקה, דער פאַרזאָרגונג, בפרט פון די אויסגעצויגענע מדבר־ליניעס פון צה"ל. איך גיי זיך מאָביליזירן מיט מיין לאַסטאויטאָ."

האָט חיים געזאָגט:

"פאַר וואָס דו? דו האָסט נישט דורכגעלאָזט קיין איינע פון די מלחמות, אָנהייבנדיק פון דער מעפילים־שיף און אַזוי טייער באַצאָלט אין דער לעצטער מלחמה. איך וועל בעסער גיין".

"איך האָב מיט אַ פּוס ווייניקער און בין עלטער, האָב איך איצטער ווייניקער צו פאַרלירן ווי דו. דערצו האָסטו נאָך קינדער חתונה צו מאַכן".

"זיי וועלן דיך סיי ווי נישט נעמען מיט דיין פּראָטעזע".

"איך האָב דאָך אַ מנגנון, אַ ספּעציעלן מעכאַניזם, אינעם אויטאָ. דאָס לעבן גייט ווייטער, חביבי. דער גליל נייטיקט זיך אין טראַנספּאָרט־באַדינונג, עסנוואַרג, לעבנס־וויכטיקע פּראָדוקטן. דו ביסט קרעפטיק, וועסט אַרבעטן פאַר צוויי".

נאָך אַ פּאָר טעג איז געקומען אַ מאָביליזאַציע־אויפ־פאָדערונג, לויט וועלכער זיי ווערן, ביידע, גערופן צו שטעלן זיך אין זייערע זאַמל־פונקטן. צוזאַמען מיט די לאַסטאויטאָס.

„אָט איז יושר — האָט אויסגערופן חיים — ביידע צוזאַמען. שותפים צום שווערסט צווילינג־טעכטערלעך, שות־פים צום געשעפט און שותפים צום גורל!"

„אַז דער גורל וויל אַזוי, איז נישט שייך" — האָט צוגע־שטימט אהרון.

צומאָרגנס איז חיים אַהיימגעשיקט געוואָרן. איינגעהאַלטן האָט מען בלויז זיין לאַסטאויטאָ.

און אהרון איז איבערגעליבן. צוליב דעם וואָס זיין לאַסטאויטאָ איז געווען פאַרזען מיט אַ ספּעציעלן מעכאַניזם פאַר אַן איינפּוסיקן, וואָס נאָר ער אַליין קאָן זיך באַנוצן מיט אים און נישט קיין אַנדערער.

# אין דונה גראַציה

אין דונה גראַציה זענען זיך צונויפגעקומען די בן־קיקיס און די טייטלבוימס מיט זייערע געסט. רפי בן־קיקי און אסתרל טייטלבוים ווערן חתן־כלה.

ביי די בן־קיקיס פירט זיך, אַז מ׳מאַכט באַלד חתונה. די קינדער גייען אַרום אַ צייט. דערנאָך באַגעגענען זיך די על־טערן פון ביידע צדדים און מען באַשטימט די חתונה.

די טייטלבוימס האָבן דווקא געוואָלט פּראַווען פריער תנאים. זיי האָבן געטראַכט: אפשר וועט אסתרל דערווייל חרטה באַקומען. נישט פּאַר איר. בעסער עס זאָלן אָפּגיין תנאים ווי אַ שידוך.

די בן־קיקיס האָבן געטראַכט: וואָס וועט מען זיך קריגן, און צוליב וואָס? צוליב נאָר אַ שמחה? זאָלן זיין שמחות ביי יידן!

בצלאל, דער פאָטאָגראַף פון אַלטשטאָט און אַ מקורב פון די באַלעבאַטים, מיט אַן אַקצענט פון אַן אייביקן רוסישן עולה־חדש, האָט קאָמאַנדעוועט און אָנגעשטעלט זיין אַפּאַ־ראַט. מזל, פון דונה־גראַציה, וואָס איז נישט געוועזן ווייניקער סוחרטע ווי שיין, האָט אויסגעשטעלט, אויסגעזעצט די מחו־תנים און געסט, צונויפגעפּאַרט צו איינעם פון יעדן צד, חתן־כלה אין דער מיט, געהייסן שמייכלען, געהייסן לאַכן צום פאַמיליע־אָנדענק פון דער שמחה.

„מזל־טוב!" האָט זי די ערשטע אויסגערופן, ווי נאָר דער פאָטאָגראַף האָט פאַרענדיקט זיין אַרבעט.

„מזל־טוב!" — האָט זיך געטראָגן אַ ווידערקול איבערן רחבותדיקן זאַל מיט פאַרשידענע אַקצענטן און טענער.

זעליק, מזלס מאַן, אין בגדי־קעלנער, האָט איינגעגאָסן און דערלאַנגט די שאַמפּאַן גלעזער.

„לחיים!" — האָט בצלאל אַ שריי געטון און אויפ־געהויבן זיין גלאָז ביז צו די קרישטאַלן פון דער צעפינקלטער הענגלאָמפּ.

„לחיים!" — איז מזל זיך פאַרגאַנגען אין הויכע טענער, שטופנדיק ביידע צדדים איינעם אין די אָרעמס פון צווייטן.

זעליק און בצלאל האָבן געטון ווי מזל, אַריין צווישן עולם, געקלאַפּט אַ גלאָז אין אַ גלאָז:

„לחיים!"
„לחיים!"
„לחיים!"

און אויפגעזונגען; „מזל־טוב וסימן טוב, סימן טוב ומזל־טוב יהא לנו!"

צווישן די אַרומהענגענדיקע מעטאַל־אָרנאַמענטן און סודותדיקע רעפלעקס־ליכטער אויף דער פראָנטוואַנט האָבן ד"ר הערצל, ר' חיים אבולעפיה, דונה־גראַציה און דוד בן־גוריון, אין רעמען, הינטער גלאָז — אונטערגעכאַפּט די ברכות און געזאַנגען, און זייערע אויגן האָבן רמזדיק געגלאַנצט.

# באַלפור

ווען כ׳האָב זיך אַריינגעצויגן אין מיין נייער דירה, איז געווען מיין שכן חיים באַלפור. אַזוי איז געווען געשריבן אויף זיין טיר. ער איז געווען אַ פּענסיאָנירטער פון דער פּאָליציי. ער האָט גערופן זיין פרוי עופרה, און זי האָט אים גערופן באַלפור. און אַ קליין אייניקל האָט זיך אָפּט געדרייט אַרום זיי, וואָס מ׳האָט גערופן שלום.

איך האָב אים אָפּט געוואָלט פרעגן ווי פאַלט אויס אַ ייד צו הייסן באַלפור און פאַר וואָס רופט מען אים ביים פאַמיליע־נאָמען, אָבער אַ פּאָליציייִשע ערנסטקייט אויף זיין לאַנגן פּנים, וואָס צוויי שאַרפע וואָנצע־עקן האָבן נאָך מער צוגעשפּיצט, האָט מיר אָפּגענומען דעם חשק.

אַן אַלאַרם־איבונג, וואָס האָט אונדז צונויפגעפירט אין מקלט, און דער ריח פון ביליקן אַראַק, וואָס האָט געיאָגט פון אים, האָבן מיר צוגעגעבן דרייסטקייט. איך האָב גע־שטעלט אים די פראַגן, וואָס זענען פון לאַנג שוין געווען גרייט אויף מיינע ליפּן.

״דו מאַכסט דעם זעלבן טעות, וואָס אַלע אשכנזים מאַכן״ — האָט ער געענטפערט מיט אַן איראָנישן שמייכל. ״באַלפור איז מיין פאַרנאָמען. חיים — מיין פאַמיליע־נאָמען. מיינע אבות זענען געקומען אַהער צו מיט דער עליה פון רבי חיים אבולעפיה. און ווען ער איז נסתלק געוואָרן, האָבן זיי, צום אָנדענק פון צדיק, דעם באַנייער פון ישוב, גענומען זיין נאָמען פאַר זייער פאַמיליע־נאָמען״.

ער האָט אַריינגעשטעקט אַ ציגאַרעט אין מויל, נישט פאַררייכערט, און בייסנדיק דעם טאַבאַקעק ווייטער גערעדט:
"איך בין געבוירן אין טאָג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע. האָט מיין פאָטער מיר געגעבן דעם נאָמען פונעם ענגלישן מיניסטער. און זייט דעמאָלט איבערחזרט זיך דער דאָזיקער נאָמען אין דער משפחה".

"זייט מוחל" — האָב איך געזאָגט. "אייער איינִיקל רופט איר דאָך שלום".

"ער איז געקומען אויף דער וועלט גראָד דעמאָלט, ווען סאַדאַט האָט באַטרעטן די ישראל־ערד מיט דער בשורה פון שלום".

"טאָ פאַר וואָס רופט איר אים נישט סאַדאַט?"

"ווייל מיר קענען גוט די אַראַבער, חביבי".

"צי הייסט עס, אַז אייער פאָטער האָט גוט געקענט די ענגלענדער, האַ?"

"ער האָט געמיינט, אַז ער קען זיי".

"אפשר מיינט איר בלויז, אַז איר קענט די אַראַבער אויך, אפשר?".

עס האָט זיך געהערט דאָס אָפּרופן פון דער אַלאַרם־פראָבע. זיין ענטפער איז דערשטיקט געוואָרן אינעם שטו־פעניש און רעש פונעם עולם, וואָס האָט געריסן זיך צו דער פרייער לופט אין דרויסן.

## שרה, שוקה און אבי

זי האָט געהאַט אַ קאָפּ רויטע און צעשטורעמטע האָר, אויגן גלײַך־צעצאַפּלטע און געווען ברייט אין די היפטן. נאָך ברייטער אין בוזעם. איר פּאַרנט איז תמיד געווען פול, גרייט אָנצוזייגן. איר גאַנג איז געווען ווי אַ ריטמיש צע־ציטערטער וואַקל־טאַנץ. שווער געווען צו וויסן צי צוליב דער ברייטקייט פון די היפטן, צי צוליב דער שווערקייט פון די בריסט־לאַבנס. אָדער צוליב אַ מין פּראָוואָקאַטיווו־צולהכעיסדיקער פרויען־קאָקעטעריע. אפשר גאָר צוליב אַלע דריי סיבות צוזאַמען?

מיט אַ קינד ביי דער ברוסט האָט זי געאַרבעט אין קיך, גערייניקט די טעפּ, געפּוצט די טישן, אָפּגעשטויבט די פענצ־טער־פראַמוגעס אין חדר־אוכל און געקעמפט מיט די פליגן, די מיקן און כל מיני שרצים.

זי איז געווען די הויפּט־צושטעלערין פון דער אינער־לעבער עליה אין קיבוץ. מ׳האָט געזאָגט, אַז דורכן קינדלען האַלט זי אים, איר שוקה. ווי קומט דער שיינער און שטאַלטנער שוקה צו איר? אַז אַרום און אַרום איז שרה געווען באַשערט פאַר אַבי, דעם האַלץ־שניצער און פרעציז־טישלער, דעם שווייגער און שלימזל, וואָס ווייסט נישט ווי מ׳נעמט זיך צו אַ מיידל. איז שוקה צוריקגעקומען אַן אויסגעהונגערטער פון סיני, און דאָס מיידל, וואָס האָט אים אָנגעזועטיקט באַלד דעם ערשטן אָוונט אינעם פּרדס־ביידל, איז געווען זי, שרה. גיי, פאַרשטיי זיווג־זאַכן, וואָס האַלטן צונויף יונגע מענטשן...

און, ווען שוקה איז געפאַלן ווי אַ העלד, האָט זי פּלוצעם גענומען בלוטיקן. מ׳האָט אַלץ געטאָן, אַז זי זאָל איינהאַלטן דאָס קינד. מ׳האָט געבראַכט ספּעציאַליסטן, פּראָפעסאָרן. זי האָט געוואָלט, אַז עס זאָל זיין אַ נאָמען נאָך שוקהן. דער קיבוץ האָט געוואָלט.

זי האָט גענומען איינדאָרן, איינציִען איר בוזעם, איינשמעלן אירע היפטן, פאַרלירן דעם שטורעם פון אירע האָר. זי איז געלעגן ווי אויסגעלאָשן, מיט פיס פאַרקוועטשטע און ספּעציעלע פלעגערינס האָבן געוואַכט טאָג און נאַכט. געווען אַ רחמנות צו קוקן אויף איר. און אַבי שטייט פאַרבאָרגן אין אַ ווינקל. טרערן רינען פון זיינע שפּיציקע אויגן ווי פון אַ שפּרודלדיקן שפּריצקוואַל.

ביי זיך זיצט אַבי ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין און שניצט אויס, מיט זיינע כישוף־מכשירימלעך, בלומען און זומער־פלאַטערלעך אַרום זיי, ביימער אין בליִען און פייגל, וואָס בויען זייערע נעסטן צווישן צווייגן, און אויספּאַנטאַזירטע מגן־דוידס אויף די זייטן פונעם בעטעלע, וואָס ער גרייט פאַרן קינד. און אויפן הויכן צוקאָפּנס — שוקהס מעדאַל פון גיבור־ישראל, אַרומגענומען דורך צעפלאַטערטע פאַלדן פון אַ צה״ל־פאָן אויפן ווינט.

און ער וואַרט. זי וואַרט. דער קיבוץ וואַרט.

# נעימה האט געבוירן א דריילינג

— מזל־טוב, נעימה האָט געבוירן אַ דריילינג.

איז אַ יום־טוב אין קיבוץ. און פּאַר נאָענט און פּאַר ווייט איז אַ יום־טוב. אַזאַ אויסנאָם־פּאַל טרעפט איין מאָל אויף יעדע זעכציק טויזנט געבורטן. אין די אַרכיוון פון קיבוץ איז פאַרצייכנט אַן ענלעך געבורט דעם 14־טן אָקטאָבער 1972.

אויך דעמאָלט איז נאָענט און ווייט זיך צונויפגעקומען און געפייערט ביז שפּעט נאָך חצות. און שאַמפּאַניע האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער, ווי די רעדעס, ווי די באַגריסונגען.

פון דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן דער באַרגאַרויף פון קיבוץ. אַלטע לייט האָבן געזען דעריין אַ בפירושן סימן פון אויבן.

— מזל־טוב — ווידער אַ דריילינג!

איז נאָך גרעסער דער יום־טוב, און נאָך גרעסער דער עולם פון נאָענט, פון ווייט און פון נאָך ווייטער. און נאָך מער שאַמפּאַניע גיסט זיך ווי וואַסער, ווי רעדעס, ווי באַ־גריסונגען.

און נעימה ליגט אויפן אויסגעבעטן גראָז־געלעגער און קוקט אויפן צעיובלטן עולם. זי קוקט אויפן צעיובלטן עולם מיט טרערן פאַרגליווערטע אין די אויגן־ווינקלען, מיט גע־שטויעטער שוים צווישן די צעביסענע ליפּן און אָנגעשוואָ־

לענעם צונגשפּיץ, מיט איין שוואַרצאַפּל איבערגעלאָדן מיט קעלבערנער התפּעלות, און דאָס צווייטע מיט מאַמע־זאָרג פאַרן נאָכקומעניש.

לחיים, לחיים!

מזל־טוב וסימן טוב יהא לנו, לחיים!

און איר נאָכקומעניש מאַכט אַ לחיים איבער דער מילך, וואָס שפּאַרט אַרויס צו ווי פון ערשט אויפגעעפנטע שאַמ־פּאַניע־העלדזער, און פאַרטראָגט זיי אין גן־עדן. נעימה האַלט הויך און אויסגעשפּרייט דעם הינטערחלק איבער די דריילינג־קעפּלער, און אין צעצאַפּלטן געציטער זיינעם שפּיגלט זיך דער הימל פון איר צעשפּאַרנדיקער הנאה.

# אין זכות פון אצ"ג

"אַ קליין שטיקל פריש ברויט אויף מיין טיש. און וואַסער פון ירושלימער ברונעמס אין אַ ליימענעם קרוג. אַ ביסל זאַלץ פון עתלית און טאָמאַטן פון אַן אָרעמער ווירטשאַפט אינעם מדבר. דאָס מעקען פון אַ קו זאָגט אָן דאָס קומען פון משיח און די ערשטע שטאַמל־ווערטער פון אַ קליין קינד אין עברית באַשטעטיקן די דאַזיקע בשורה".

וועגן דעם זינגט דער דיכטער.

"קומען די אובמאַהאָלפענע, די אימפּאָטענטן (איסטני־סים) און טענהען: האָסט שוין נישט קיין אַנדערע טעמעס פאַר פּאָעזיע? דאָס וואָס דו זאָגסט געהערט צום געביט פון פּאָליטיק".

אַזוי שרייבט אורי צבי גרינבערג אין "דבר" י"ג בכסלו תרפ"ז. אורי צבי גרינבערג, דער געבענטשטער, אויסדער־ווילטער משורר אין אונדזערע צוויי שפּראַכן, דער מוכיח, דער נביא, וואָס איז די טעג אַריין אין דער אייביקייט.

איך ווייס — איך בין נישט ראוי צו דעם. אָבער זינגען זינג איך וועגן די צאַפּלדיקע פיש, ערשט פון כינרת אַרויס, וועגן די בולדאָזער־יונגען אין די מיצפּים פון גליל, וועגן דעם קעלבל־דריילינג פון קיבוץ נען, און וועגן די מאַראַנצן־שאָלן, וואָס שלענגלען זיך, פון אָרעמען פענצטער אַקעגנאיבער, ווי לעבעדיקע באַשעפענישן, אויסגעשטעלט אויף זון, און פאַררייסן מיינע נאָזלעכער און אינגעווייד. און וועגן דער אַלטיטשקער שכנטע, דער אלמנה נאָך עמנואלן דעם גאָסן־

קערער, וואָס טרינקט נאָך תמיד וואַסער אין אַ ליימענעם קרוג, און נוצט אויס נישט נאָר דעם מאַראַנץ פון אינעווייניק נאָר אויך זיין שאָל — וועל איך נישט אויפהערן זינגען.

און וועגן דעם נישט־שטרייקנדיקן לערער, וואָס וויל נישט טרייבן די קינדער אין גאַס אַריין, צווישן די רעדער פון אומגליק, וועל איך זינגען. ווייל יענקל, דער הינקענדיקער מלמד, איז געקומען אַ מהלך־וועגס, פינף טעג אין וואָך, צו אונדז אין מיל אַריין, אין דאָרף אַריין, מיך לערנען עברי און חומש, פאַר אַ זעקל פערלאַק־קאַשע, אַ טיטל הירזש און ווייצן־מעל אויף חלה, מדי חודש בחודש.

און מעג דער באַקאַנטער קריטיקער שרייבן וועגן מיר, אַז מען שרייבט שוין לאַנג נישט אַזוי ווי איך שרייב...

זכותו של אצ"ג יגן עלי, הגם איך ווייס: כ'בין נישט ראוי צו דעם.

אינעם מושב, וואָס אויפֿן חרמון, ראַזירן זיך נישט מער די מענער.

זיי האָבן געטון אַ נדר. אַזוי לאַנג ווי עס וועט נישט אַראָפּפֿאַלן אַ שניי בשפֿע, אַזוי לאַנג וועלן זיי לאָזן וואַקסן זייערע בערד.

באַזייטיקן זיי די בלאָטע, די שטיינער פֿון די סקי־שליאַכן און־פֿעלדער, היטן אָפּ די הייב־ביידלעך און קלעטער־בענק, איילן די קייטן, שלעפּ־קאַבלען, די גליטש־רעדלעך און וואַכן איבער די סקי, די שליטלעך, וואָס ווערן אויסגעבאָרגט.

און לאָזן וואַקסן די בערד.

דעצעמבער איז פֿאַרביי. קוים עטלעכע שניי־פֿלאַטער־לעך.

האַלב יאַנואַר — עטלעכע צענטימעטער נאָר אויבן, גאָר הויך, נישט מער ווי צו מאַכן מאָגערע שניי־מענטשן און באַלעמס. ווער וועט באַצאָלן אַן אַרויפֿפֿאָר אַזוי הויך פֿאַר אַזאַ ספֿק־הנאה?

איז ליידיק די קאַסע, און די חובות, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט, אויף צו פֿאַרבעסערן, פֿאַרגרעסערן, מאָדערניזירן די שניי־ספּאָרט מעגלעכקייטן, וואַקסן, וואַקסן, נאָר גיכער ווי די בערד. צוזאַמען מיט די זאָרגן, מיטן יאוש.

אָט באַלד — פֿעברואַר. אויב עס וועלן זיך נישט עפֿענען די הימלישע לאַגערן און באַדעקן מיט אַ דיקן ווייסן פֿעלץ דעם באַרג פֿון אויבן ביז איבער די מיטעלע אָפּהאַנגען — איז בטל דער סעזאָן. איז, חלילה, אַ סוף צום מושב...

איידער מען קוקט זיך אַרום, וועט זיין פּורים. וועט זיך דעמאָלט אויסלעשן יעדע האָפֿענונג.

קוקן זיי אין די הימלען, ווענדן אַרויף צו זייערע בערד:

— עד מתי?

— עד מתי?

— עד מתי?!

נאָך אַ טאָג.

נאָך אַ טאָג.

נאָך אַ וואָך.

שוין באַלד פּורים!

דניאל, דער פּלאַי־פּלאָים ייִד, וואָס איז אַרויס פון אויש־וויץ, ווי דער נביא מיטן זעלבן נאָמען — פון קאַלכאויוון, האָט במילא אַ באָרד, זאָגט ער תהילים. ער קען תהילים אויסנווייניק. נאָך פון דאָרטן. צוזאַמען מיטן געדאַנק וועגן ישוב אויפן חרמון איז ער געקומען אַהער. כדי צו זיין נאָענ־טער צו די הימלען. געגוג געווען אין דער נידער, אין תהומיקן טאָל.

— נישט געדאַגהט, חברה, אַז דער אייבערשטער וויל, פאַלט אַ שניי אין פסח אויך.

ער שטייט אויף פאַר טאָגס, הייבט אויף די באָרד צו די הימלען, פאַרגלאָצט די אויגן, צו זען נאָך העכער, און זאָגט פסוק נאָך פסוק, קאַפּיטל נאָך קאַפּיטל. די זון שטייט צווישן כינרת און דעם נמרוד־שלאָס, און אַ קעלט יאָגט פון איר, שמייסט אין פנים. שיקט ער זיינע תפילהדיקע פערזן אַרויף צו, זי אָנצוּוואַרעמען, צו צעשמעלצן דעם גליווער, וואָס אַרום די שניי־וואָלקנס. ער גייט. ער זייט למנצחס און שיר־המעלותן איבער דעם לעבצנדיקן באַרגיקן אַרום, ווי אַ זייער — קערנער צום וואַקסן.

און ער פילט אַ שיכורע וואַרעמקייט אין אַלע ביינער.

און ער פילט נישט, ווי זיינע לונגען פאַרכאַפּט אַ שטע־כעניש, ווי זיין ברוסט צעטרייסלט אַ הוסט און אַ ציטער צעשווידערט זיין גוף.

צו דניאלן האָט מען געבראַכט אַ דאָקטער פון אַ שכנות־דיקן קיבוץ.

— נישט געדאַגהט, חברה — זאָגט דניאל — אַז דער אייבערשטער וויל, פאַלט אַ שניי אין פסח אויך, און אפילו אין שבועות.

— נישט געדאַגהט, חברה — זאָגט דער דאָקטער — ווער ס׳האָט גובר געווען אוישוויץ, דער וועט גובר זיין אויך דעם מזיק פון לונגען־אָנצינדונג.

— האָט געדולד, חברה — זאָגט דניאל און די אויגן ביי אים גלאַנצן. — פונקט ווי אַ באָרד מוז ווערן גראָ, אַזוי מוז דער באַרג זיך באַדעקן מיט שניי.

— אָבער ווען?

— אָבער ווען?!

— עס וועט זיך פונאַנדערפראַלן אַ הימל־טויער און וואַלקנס, פון שניי איבערגעזעטיקט, וועלן נעמען שיטן. שיטן שיטן... ביז איבער די ברעגן וועט שיטן, שיטן, שיטן. אויף לאַנגע יאָרן, אויף לאַנגע יאָרן אַרויס... בטחון, חברה!

ער האָט זיך פאַרהוסט און בלאַ־אַנגעלאָפן איז געוואָרן זיין פּנים. עטלעכע שטאַרקע און ציטערדיקע הענט האָבן אים אונטערגעהויבן, אַוועקגעזעצט אין בעט.

ער האָט לייכטער אָפּגעהוסט, אָפּגעגעבן לייכעץ.

בעת זיין לוויה איז געפאַלן אַ שניי מיט אַזאַ שפע, וואָס מ׳האָט זיך גאָר נישט געקאָנט פאָרשטעלן. די מלווים זענען געגאַנגען ביז איבער די קני אין שניי און מיט בערד צע־פלאָטערטע צו די ברייט־צעעפנטע הימלען. די זון האָט זיך געזעצט אויפן פאַרשנייטן אָרון און מיטגעגאַנגען.

# דורכן אפענעם געצעלט

אַ קוקאַווקע לאָזט נישט שלאָפן און פאַרטראָגט מיינע מידע אויגן צום שכנותדיקן וואַלד, וואָס קרן־הקימת האָט געפלאַנצט פאַר די נדרים־געלטער אין דער "דייטשער" שול נישט ווייט פון מיין גימנאַזיע.

געמישטע טענער פון זינגפייגל פאַרטראָגן מיינע קוים־וואַכע אויערן צו די ציון־דרשות פון מיין רעליגיע־לערער און רב, צו די ציון־רעדעס פון מיין עברית־לערער, וואָס אַ זומפּ־מחלה האָט געמאַכט אַ סוף צו זיין חלוץ־לעבן אין ארץ ישראל. זיי האָבן געמאַכט פלאַנצן ביימער אפילו די פאַרעקשנסטע גבירישע אַסימילאַטאָרן.

דער ווינט כאַפּט אונטער די אורגעשיכטע פון וואַלד, צעטראָגט זי פון בלאַט־אויער צו בלאַט־אויער און סודותדיק־באַרעדעוודיק צעציטערן זיך די צווייגן.

קראָען פאַרוואָלקענען דעם פרי־פרימאָרגן הימל און קראַקען בייז, וואַרפן אַן פחד, ווי די פּאָגראָם־גויים מיט העק, וואָס שרייען: אַ טויט די יידן! זשידי דאָ פּאַלעסטיני!

עס הערט זיך די קוקאַווקע. עס הערן זיך די זינגפייגל. עס הערט זיך דער ווינט. און די קראָען? די קראָען זענען ווייט און ווייס, ווי דער שניי, וואָס איבערן חרמון.

# א נאָמען

די באָבע האָט געהייסן קריינדל.

ווען זי איז שווער קראַנק געוואָרן, איז די שנור פאַרגאַנ־גען אין טראָגן. און געבוירן צו די שלושים.

נישט געוועזן שווער צו געפינען אַ נאָמען פאַרן קינד. ממש אַ הימל־זאַך. האָט דער פאָטער זי גערופן — קריינדל.

די מוטער, וואָס האָט נישט ליב געהאַט דעם קלאַנג פון איר נאָמען, גראָד ווי זי האָט נישט ליב געהאַט די, וואָס האָט אים געטראָגן, האָט גערופן איר מיידעלע — עטרה.

— וואָס מאַכט קריינדל? — האָט דער פאָטער גע־פרעגט, אַהיימקומענדיק נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט.

— עטרה, ווילסטו זאָגן?

— כ׳וויל זאָגן, וואָס כ׳וויל זאָגן.

און אַז די מוטער האָט געפרעגט אויף עטרה, האָט דער פאָטער איבערגעפרעגט: — קריינדל, ווילסטו זאָגן?

דאָס קינד אַליין האָט געענטפערט אויף ביידע נעמען און געשמייכלט, ווען טאַטע־מאַמע פלעגן זיך איבערוווערטלען אין אַ האַלב־ברוגזן טאָן צוליב דעם.

ווען זי איז אַוועק שטודירן ענגליש אין אָקספאָרד, האָט די מוטער צו איר געשריבן: עטרה היקרה.

און דער פאָטער: קריינדל היקרה.

און זי האָט געענטפערט, און האָט זיך אונטערגעשריבן:
קעטרין.

אין פּאָסט־סקריפּטום האָט זי אויפגעקלערט: דער נאָמען איז אַ פּשרה צווישן קריינדל און עטרה. ביידע נעמען באַדייטן דאָס זעלבע — אַ קרוין. אויף עברית איז אַ קרוין אויך — כתר. אין איר נאָמען זענען פאַראַן אַ סך עלעמענטן פון די נעמען, וואָס צעטיילן זיי און אויך אַנאָמאַטאָפּעיִש — כתר.

— נאָך דאָס פעלט מיר — האָט דער פאָטער זיך געבייזערט — אַ קריסטלעכע הייליקע אין מיין משפחה. און דאָס אַלץ צוליב דיין עטרה.

— און אפשר צוליב דיין קריינדל?

די מוטער האָט זי פון איצט אָן גערופן קעטרין.

און דער פאָטער האָט זי ווייטער גערופן קריינדל.

## כרמלה

כרמלה שטייט אויף פּאַר טאָגס, כאַפּט אויף איין פוס איר פרישטיק און לויפט צום אויטאָבוס, וואָס פירט זי פון קיבוץ אין שטאָט, אין שולע.

היינט האָט זי זיך פאַרשפּעטיקט מיט איבער צוויי שעה. צוליב אַן אויסטערלישן וועג־אומגליק מיט אַן אויטאָבוס, וואָס פירט פונאַנדער קינדער אין די שולן, איז דער פאַרקער געוואָרן אָפּגעשלאָסן און איר אויטאָבוס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַמבולאַנס, ווו עס איז דערלאַנגט געוואָרן די ערשטע הילף.

די קינדער האָבן געוואַרט. זיי האָבן געקוקט, איין קינד אויפן צווייטן, און אַן אומבאַשטימט געפיל, וואָס איז געווען מער ענלעך צו פחד, ווי צו אומגעדולד, האָט זיך געמאָלן אויף זייערע תמיד אַזוי וויניק זאָגנדיקע פנימער.

יוסי, דער יינגסטער און אומבאַהאַלפנסטער, צו וועמען זי האָט תמיד אַרויסגעוויזן מער זאָרג ווי צו אַנדערע — האָט זיך פלוצעם דערפילט פאַרלאָזן, פאַרשטויסן און פון פאַר־לוירנקייט גענומען קלאַפּן מיט זיינע פויסטן אין טיש. פון זיינע האַלב פאַרמאַכטע, קליינע אויגן האָבן זיך געריסן גרויסע טרערן און אין זיינע תמיד צעעפנטע און צעגאַווערטע ליפּן האָט זיך באַוויזן אַן אַנגעדראָלטע צונג, פול מיט זיפּצן.

די קינדער האָבן נישט אַראָפּגענומען די שטאַרע אויגן פון יוסין און פאַרגעסן אין כרמלהן.

— זייט מוחל — האָט זי געבעטן, אַריינפאַלנדיק אין קלאַס, אַן איבערגענומענע.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים לערערטיש. איר פּנים איז געווען נאַס. צעווייטיקט און אומרויִק. זי האָט גענומען איר קאָפּ צווישע ביידע האַנטפלאַכן, ווי זי וואָלט נישט ווען, אַז די קינדער זאָלן זען וואָס אַזוינס עס טוט זיך אין אים.

זי האָט נישט געוווּסט וואָס מער — איר פאַרשפּעטיקן זיך, צי איר נישט באַהערשן זיך, רופט אַרויס געפילן, וועלכע זי האָט קיין מאָל נישט באַמערקט ביי די קינדער. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז זי מוז זיי דערציילן דעם אמת.

— אַלע קינדער זענען געווען פאַרוווּנדעט. טייל גאָר שווער. איך האָב געהאָלפן ראַטעווען. געלאָפן פון איין קינד צום צווייטן, צוגעשטעלט די ליפּן און אַריינגעבלאָזן מיין אייגענעם אָטעם...

— ווער... ווער זענען, זע־נען, זע־נען געווען די... די קינדער, ווער? — האָט איבערגעריסן מיט אַ פראַגע יוסי, ביי וועמען דער קאָפּ האָט פּלוצעם גענומען בעסער אַרבעטן.

— וואָס הייסט ווער? וואָס הייסט ווער?

— אַ־אַזעלכע קינ־דער ווי... ווי מיר, ווי מיר דאָ? צי... צי אַנ־דע־רע... ווי מיר דאָ, צי אַנדערע?

כרמלה האָט זיך געוווּנדערט פון וואַנען קומט פּלוצעם צו אים אַזאַ פראַגע. אָבער גיך האָט אויפגעבליצט אין איר צעטומלטן שאַרבן די גאַנצע שאַרף פון זיין אַנצוהערעניש.

— קינדער זענען קינדער — האָט זי געזאָגט, אויס־מיידנדיק אַ קלאָרן ענטפער און צוגעלאָפן צו יוסין. זי האָט צוגעשטעלט איר מויל צו זיינעם און אַזוי געשטאַנען לאַנג, נישט קאָנענדיק אָפּרייסן אירע ליפּן.

# דער קאַשטאַן

איך האָב אָפּגעפּונען דעם קאַשטאַן אין אַ מושב אין נידערן גליל. ווי קומט אונדזער דאָרפישער קאַשטאַן אין אַ מושב אין נידערן גליל?

מיר האָבן אים באַקומען פון פעטער אלתר, דעם גוט־באַזיצער פון בזשעזשין.

— נעם אים — האָט ער געזאָגט צו מיין טאַטן — דער קאַמאַרניק האָט דאָס יונגע פערדל נישט אַריינגענומען אין דער סעקוועסטער־רשימה, געוועזן גראָד אין פעלד, צווישן הויכע גראָזן... נעם אים, האַרשל, וועט גראַבסקי*) האָבן ווייניקער. האָב דו כאָטש עפּעס פון מיין שווערער פּראַצע... און ער האָט פאַרענדיקט: — זאָלסט אויף אים אַקעגנרייטן משיחן!

האָבן מיר זיך דערצויגן צוזאַמען.

ער איז אויסגעוואַקסן ריזיק, קשטאַלטנע, מיט אַ גריווע ווי ביי אַ לייב. און די הויט איז געווען אויף אים טונקל־רויט ווי ביי רייפע קאַשטאַנעס אין סוכות, ווי אַ שפעט־שקיעה אויף אַ פּוילישן מיי־הימל אָן וואָלקנס. און געוואַקסן איז ער ווילד; צוגעלאָזן צו זיך און אויף זיך נאָר דעם טאַטן, מיין

*) פּוילישער ווירטשאַפט־מיניסטער, וואָס האָט געצילט צו רויִנירן עקאָנאָמיש די פּוילישע יידן.

עלטערן ברודער און מיר. און יאַנעקן, דעם שטאַליונג. געקו־מען ביי נאַכט פויערים אים צוצורויבן, האָט ער צוויי פון זיי צעניזוקט און איינעם קאַלט געמאַכט. ווילד איז ער אויך געווען צו די קאָבילעס, וואָס פויערים האָבן געבראַכט צו אים פון ווי ווייט. ער האָט געהירזשעט, געבריקעט, ביז דער תאווה־רייץ האָט אים איינגענומען.

מיר האָבן זיך דערצויגן צוזאַמען. ווען כ׳האָב זיך מיט אים געזעגנט — אַוועק אין דער וועלט זיך לערנען — האָט ער צעעפנט זיינע פליישיקע ליפן, געוויזן צוויי רייען ווייסע ציין, ווי פון העלפאַנטביין, אויפגעשטעלט די אויערן ווי אַ האָז, וואָס אַנט אַ סכנה, און זיינע אויגן זענען פאַרלאָפן מיט אַ נעפל, ווי צום וויינען. און ער האָט זיך צעהירזשעט. עס האָבן אויפגעציטערט די גראָזן און די תבואה־פעלדער אין דער געגנט און עס האָבן זיך צעשאָקלט און געהויבן די ווידלען ביי די קאָבילעס אין שכנותדיקע דערפער.

איך האָב צו ערשט דערקענט זיין הירזשען. דערנאָך איז ער אָקעגנגעקומען אין גאַלאָפּ. געווען אויף אים אַ ייד מיט אַ באָרד אויפן ווינט, קרעפטיק און ברייט, ווי מיין פאָטער אין זיינע יאָרן.

— שלום! — האָב איך געזאָגט צום רייטער און צום קאַשטאַן.

דער רייטער האָט אַ פאָכע געטון מיט אַ האַנט, ווי צוריקצוגריסן און דער קאַשטאַן האָט איינגעהאַלטן זיינע טריט. מיר האָבן זיך געקוקט אין די אויגן. עס האָבן אויפ־געבליצט אונטערן שאַרבן די יוגנטיאָרן, מחשבות וועגן גילגולים, מעטאַמאָרפאָזעס, כישוף און ווער ווייס וואָס...

— נישט וואָג! — האָט ער געשריגן, זעענדיק ווי איך דערנענטער זיך צום פערד — ער וועט דיך דורסן.

איך האָב אויסגעצויגן מיינע הענט צום פערדישן האַלדז.

— היזהר — האָט ער געצאָרנט — ער האָט פיינט פרעמדע.

— פרעמדע, זאָגסטו, פרעמדע?!

— געקומען אַנומלט ביי נאַכט אַראָבער, צוצורויבן אים האָט ער צוויי פון זיי צעניזוקט און איינעם קאַלט געמאַכט. היט זיך!

דער קאַשטאַן האָט אויסגעצויגן זיין לאַנגן האַלדז צו מיר, צעעפנט די פליישיקע ליפּן, געוויזן צוויי רייען ווייסע ציין, ווי פון העלפאַנטביין, אויפגעשטעלט די אויערן, ווי אַ האָז, וואָס אַנט אַ סכנה, און זיינע אויגן זענען פאַרלאָפן מיט אַ נעפּל ווי צום וויינען. מיינע טרערן האָבן געמאַכט גלאַנצן די הויט פון זיין נאַקן.

דער רייטער האָט אַ צי געטון די לייבן־גריווע מיטביידע הענט, אַרומגענומען פעסט מיט ביידע פיס, ווי מיט קלאַ־מערן, דעם פערדישן בויך און אַ קיצל געטון דעם שפּירעוודיקן טייל פון הינטערחלק. דער קאַשטאַן איז אויפגעשפּרונגען, געלאָזט זיך לויפן. און אַ הירזשע געטון. עס האָבן אויפ־געציטערט די אַרומיקע גראָזן און תבואה־פעלדער, רייפע איילבערטן האָבן גענומען פאַלן פון די ביימער, און ביי די קאָבילעס פון די שכנותדיקע מושבים און קיבוצים האָבן זיך צעשאָקלט און געהויבן די ווידלען.

אַ גילגול פון אונדזער דאָרפישן קאַשטאַן, פון מיין טאַטן און פון פעטער אלתרס ברכה אין אַ מושב אין נידערן גליל.

# ווען גייסט פלאַנצן אַביימל

אמר רבי יוחנן בן זכאי: יש שתיל בידך... האָסטו אין האַנט אַ יונג ביימל צום פלאַנצן, און מ׳קומט דיר אָנזאָגן, אַז משיח איז געקומען — זאָלסטו צו ערשט פלאַנצן דאָס ביימל און ערשט שפּעטער גיין באַגעגענען משיחן...

שטיי איך ביים קבר פון רבי יוחנן, אין טבריה, און פאַר מיינע אויגן — דער לעצטער „חאַמישעוסער" ביי אונדז אין דאָרף.

די מאַמע פּאָרעט זיך, בעת דער אָוונט־סעודה, מיט גרויס כוונה און אָפּגעהיטקייט, ביי די צוויי ארץ־ישראל מאַראַנצן, וואָס דער טאַטע האָט געבראַכט פון שטאָט, פון וויינריבס אויבסגעשעפט. זי שיילט די הויט און איז מקפיד עס זאָל חלילה נישט פאַרגאָסן ווערן קיין אָפּשפּריץ פון אַ טראָפּן פון דעם הייליקן זאַפט. פערצן קינדישע בליקן גייען נאָך דער מאַמעס זאָרגעוודיקע פינגער אין פרומער דער־וואַרטונג און שרעק. אַ צעשפּאַרנדיקער ריח פילט אויס דעם יום־טובדיקן עסצימער. מ׳פאַרגינט זיך נישט צו אָטעמען טיף.

די עלטערע שוועסטער נעמט צונויף די אָפּגעשוונדענע רויט־וואַטענע מאַראַנצן־פעל, לייגט אַריין אין אַ טיפן טעלער און באַדעקט מיט אַ שווערער שטאַרץ, דער ריח און די עסענץ זאָלן נישט אויסוועפן.

די מאַמע נעמט פונאַנדער די נאַקעטע מאַראַנצן־באַלעמס אויף באַזונדערע און צעגלידערטע טיילעכלעך,

אַזוי אַז יעדעס זאָל אַרויס גאַנץ, אין אַן אומבאַשעדיקט הייטל.

דער טאַטע לייגט אַרויף אויף יעדן איינעמס טעצל זיין חלק, און פאַרגלאָצט די אויגן: ברוך אתה ד׳ אלוהנו מלך העולם בורא פרי העץ.

אמן!

או־מיין!

דער טאַטע מאַכט שהחיינו מיטן קידוש־ניגון פון ראש־השנה.

אמן!

או־מיין!

ער נעמט אַ מאַראַנץ־טיילעכל אין מויל אַריין און ווייזט ווי מען דאַרף עסן. מיט פאַרמאַכטע ליפּן, עס זאָל גאָר נישט אַרויסרינען. און נישט תיכף אַראָפּשלינגען, די הנאה פונעם זאַפט פון ארץ הקודש זאָל לענגער דויערן.

לייזערל, דער יינגסטער, טוט גענוי ווי דער טאַטע הייסט. אַ טראָפּן פאַרקריכט אים אין דער לינקער קעל. ער ווערט פּלוצעם רויט, בלאָ און ווייס. דער טאַטע קלאַפּט איבער זיין רוקן און די מאַמע שטייט מיט אַ שבתדיק סערוועטל ביי זיינע ליפּן, עס זאָל נישט אַרויסשפּריצן קיין טראָפּעלע און פאַלן אויף דער טמאדיקער דיל. לייזערל איז אַן עקשן. ער קרעקט זיך, הוסט, די אויגן קריכן אים אַרויס, אָבער האַלט דאָס מויל פעסט פאַרהאַקט.

ווען ער קומט צו זיך, נעמט די מאַמע טיילן טרוקענע ארץ־ישראל פּירות, פייגן, טייטלען, ראָזשינקעס, מאַנדלען, רבי־ניסלעך און ברעקלעך אָפּגעשיילטן באָקסער.

די מאַמע אוןביידע שוועסטערס דערלאַנגען עפּל־פלאָדן, באַווירצט מיט מאַראַנצן־הייטלעך פון די פאַראַיאָ־

ריקע פירות, און היימישן וויין, אָנגעשטעלט פון ראָזשינקעס פון ראָטשילדס וויינגערטנער פון ראשון־לציון, פאַרבראָקט מיט אַרומשווימענדיקע מאַראַנץ־שפּרענקלער.

דער טאַטע מאַכט בורא פרי הגפן.

אמן!

או־מיין!

יעדער גיט אַ זופּ פון זיין קידוש־בעכער.

אין מיטן טיש שטייט מיוחסדיק דער בלומענטאָפּ, געבראַכט פון ראָזענבוימס הכשרה־פערמע אין בלעשנע. אין אים — ארץ־ישראל ערד. אין איר — אַן אַלעאַנדער־שפּראָץ צום פאַרפלאַנצן.

דער טאַטע נעמט אַרויס מיט ציטערדיקע הענט די איידעלע פלאַנץ און דער עלטערער ברודער גיסט וואַסער אינעם בלומענטאָפּ. דער טאַטע זעצט אַריין די פלאַנץ אין דער מיט און לייגט אַרום מיט נאַסע ערד, אַז זי זאָל זיך האַלטן גראָד.

— לאָמיר זוכה זיין בקרוב — זאָגט דער טאַטע פרום און מיט גרויס כוונה — צו פלאַנצןביימער אינעם הייליקן לאַנד, אינעם לאַנד פון די אבות.

— אמן — זאָגן מיר, מיין עלטערע שוועסטער, דער עלטערער ברודער און איך, אויף עברית.

— או־מיין — זאָגט די רעשט פון הויזגעזינט.

דער טאַטע איז ממשיך: — פלאַנצן ביימער אין דער הייליקער ערד, קינדערלעך — איז קודמער אפילו פון אַקעגנגיין משיחן, איז אַ גרעסערע מצווה אפילו ווי גיין באַגריסן משיח צדקנו. געדענקט קינדערלעך, געדענקט, ווי עס האָט געלערנט רבי יוחנן בן זכאי, וואָס כ׳בין נישט ווערט זיין נאָמען צו ברענגען איבער די ליפּן: האָסטו אין האַנט אַ יונג

ביימל צום פלאַנצן, און מ׳קומט דיר אָנזאָגן, אַז משיח איז געקומען — זאָלסטו צו ערשט פלאַנצן דאָס ביימל און ערשט שפּעטער גיין באַגעגענען משיחן...

געד׳ענקט, קינדערלעך!

צוליב אַן אומפאָרויסגעזעענעם דעפעקט אין מיין אַלטן אויטאָ, האָב איך דעם ט״ו בשבט נישט געפלאַנצט קיין ביימער אין אַ מצפה אין גליל העליון, ווי כ׳האָב באַשטימט.

האָבן מיך מיינע פיס פאַרטראָגן צום קבר פון רבי יוחנן בן זכאי. שטיי איך לאַנג, פאַרטראַכט און זע מיין לעצטן ״חאַמישוּסער״ אין דאָרף. און רבי יוחנן רעדט צו מיר דורכן מויל פון מיין טאַטן: יש שתיל בידך... האָסטו אין האַנט אַ יונג ביימל צום פלאַנצן, און מ׳קומט דיר אָנזאָגן, אַז משיח איז געקומען — זאָלסטו צו ערשט פלאַנצן דאָס ביימל, און ערשט שפּעטער גיין באַגעגענען משיחן...

פלאַנצן איז קודמער!

# נעמען

מיין מאַמע האָט געהייסן שרה־איידל. אין דער משפּחה האָט מען זי גערופן פאַרצויגן: ס׳ריידל. געוועז דערין אַן אָנצוהערעניש, אַז זי האָט געהאַט ניין מאָס רייד. די וואָס האָבן זי געקענט נענטער, האָבן זי גערופן — שרה בת טובים, ווייל זי איז געווען די גוטסקייט אַליין. ווען דער טאַטע איז געווען גוט אויפגעלייגט, האָט ער זי גערופן פאַרפּווילישט: סאַלטשע, אָדער גאָר צערעמאָניאַל — סאַלטשע פאָן קור־לאַנד. די מאַמע פלעגט אים דעמאָלט אָפּצאָלן מיטן נאָמען — הערשעלע פאָן אָסטראָפּאָלע. ווייל דעם טאַטנס נאַיִווקייט, געפּאָרט מיט פּיקחות און אָפּטע לאַ־יצלחדיקייט האָט דער־מאָנט הערשעלע אָסטראָפּאָלערס מעשיות. פאַר דער משפּחה איז ער געווען פּשוט — הערשל. צום אויפרופן: צבי בן נח הלוי.

און פאַר אונדז, קינדער, זענען זיי געווען: דער טאַטעשי און די מאַמעשי. און ווענדן פלעגט מען זיך ווענדן צו זיי: זאָל — אָדער לאָז, אָדער לאָמיר — דער טאַטעשי געבן; זאָל — אָדער לאָז, אָדער לאָמיר — די מאַמעשי געבן. און קיין מאָל נישט אַנדערש.

ווען כ׳בין אַוועק אין דער וועלט שטודירן — האָט די מאַמע געבעטן: — געדענק, זיי אַ גוטער ייד. און דער טאַטע האָט געזאָגט — דו הייסט לייב. זיי אַ שטאַרקער ייד. אַ ייד, אַ לעמעלע — אָדער מ׳האָט אים פיינט, אָדער מ׳האָט אויף אים רחמנות. געדענק, זיי אַ לייב!

ווייס איך נישט וואָס איך בין אויף אַן אמת. איך ווייס, אַז איך האָב תמיד זיך באַמיט צו זיין אַ געטרייער זון פון זיי ביידן. איך ווייס, אַז איך האָב מיין גאַנץ לעבן געפּרוּווט. און פּרווו ווייטער.

אין יער הקדושים, נעבן ירושלים, האָב איך געפלאַנצטביימער צו זייער ליכטיקן זכרון און געטון תפילה: לאָמיר דער טאַטעשי און די מאַמעשי מוחל זיין, הלמאי איך בין געבליבן אפשר בלויז ביים פּרווון, און וואָס הערשל און נח, מיינע זין, טאָן אויך נישט מער ווי פּרווון... לויפט זיך מיִען, אַז דער פּרווו זאָל נישט איבערגעריסן ווערן, נישט איבער־געריסן ווערן חלילה, אויף קיין רגע. און לדור דורות. ווי עס טוט בעטן בנכם לייב, המכונה יהודה לייב, איש טבריה.

נאָך טבריה קומען קורגעסט זוכן היילונג.

זאָגט ר׳ אליהו פרומער, אַן אויפמערקזאַמער קורגאַסט און אַ ייד אַ חסיד: — דיין פּאַרנאָמען, אדון רופא, איז ווי דער לייב פון מאַרמער, וואָס איז דער סימבאָל פון חמי־טבריה... און דיין פאַמיליע־נאָמען איז ווי באַשאַפן מן השמים פאַר דיין שליחות און פאַר דער דאָזיקער, געבענטש־טער געגנט, וואָס איז אַ לאַנד פון קור...

— דיין נאָמען, ר׳ אליהו פרומער, איז מן השמים, נישט מיינער.

— דיין נאָמען.

— דיין נאָמען.

— דיין נאָמען מער.

— דיין נאָמען מער.

— זאָל זיין ביידע מער, ר׳ לייב.

— זאָל זיין ביידע מער, ר׳ אליהו.

# אינהאלט

## א קעמל ביים כינרת



## כצאת השמש בגבורתו

**דער זייגער**



**אין קאַקטוס־גאָרטן**

**איך האָב באַגעגנט דעם ייד**

## ביז איצט דערשינענע ביכער פון לייב קורלאנד

| | |
|---|---|
| מיר זענען ווי פעלדזן (אַ בויגן לידער) | 1942 |
| עס האָט זיך אָנגעהויבן (דערציילונגען) | 1943 |
| אַמאָל איז געווען אַ דאָרף (נאָוועלע)<br>פאַרלאַג י. נאַראָדיצקי, לאָנדאָן | 1944 |
| פאַרכטיקע טעג (דערציילונגען)<br>"לאַנדסבערגער יידישע צייטונג", לאַנדסבערג | 1946 |
| אויפן וועג צו זיך (ראָמאַן)<br>פאַרלאַג "אונדזער קיום", פאַריז | 1967 |
| גאולה (דערציילונגען)<br>פאַרלאַג "אונדזער קיום", פאַריז | 1969 |
| ביי די ברעגן פון כנרת (דערציילונגען)<br>פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב | 1973 |
| צעקלונגענע שעהען (דערציילונגען)<br>פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב | 1975 |
| שרונה (ראָמאַן)<br>פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב | 1977 |
| על שפת הכנרת (סיפורים)<br>הוצאת ספרים מ. ניומן, תל־אביב | 1977 |
| אויף דער גרענעץ (דערציילונגען, מיניאַטורן)<br>פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב | 1979 |
| אַ שמאָלע בריק (ראָמאַן)<br>פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב | 1981 |
| אַ קעמל ביים כינרת (דערציילונגען, מיניאַטורן)<br>פאַרלאַג 'נוגה', חיפה | 1982 |

*Corrie du Moulin* (Nouvelles)
Ed. "Scorpion", Paris 1963